# אינהאַלט:


קריטיק . . . . . . . . . . 9

פרויען . . . . . . . . . . 23

שרייבער און קריטיקער . . 39

ליבע און טויט . . . . . 53

אידיש . . . . . . . . . . 71

אומבאַשטימטקייט . . . . 81

אייביקייט . . . . . . . . 93

פירער . . . . . . . . . . 109

מלחמה . . . . . . . . . . 121

באַהעפטונג . . . . . . . . 135

ליטעראַטור און עטיק . . . 145

די אידעאַלע קריטיק . . . 165


ציייכנונגען און בילדער פון

זוני מאָוד יאָסל קאַטלער

א. וואָלקאָוויטש ב. קאָפּמאַן

י. טאָפּעל

צו מיין פריינט

**א. מ. זשאָרזש וויכאַ**



א קריטיקער איז ניט קיין משרת ביי
פּאָעטן — ער איז אַ האַר, וואָס פּאָעטן
דינען אים פאַר שפּילצייג. ער איז אַליין
בבחינת פּאָעט, וואָס האָט פאַרביטן פּאָע־
זיע אויף פּאָעטן. זיי זיינען זיין מאַ־
טעריאַל, פון יעדן פּאָעט וויל ער זיך אַ
ליד מאַכן. און ניט זייער נאָכלויפער איז
ער, נאָר זייער פאָרויסלויפער. ער פלאַס־
טערט זייער וועג באַרג ארויף מיט אילו־
זיעס, עס זאָל זיי לייכטער זיין דאָס
שטייגן, כדי ער, דער באַרג־ארויף־פיהרער
זאָל פון זיי הנאה האָבן . . . . .

ב. ריווקין.

# קריטיק

א גרויס צימער. ביי דער טיר א שראנק מיט ביכער. אויף די ווענט רעפראָדוקציעס פון יאפּאנעזישע בילדער. לעבן פענצטער א וואזע מיט גאלדענע פישלאך. דער שרייבער קוקט אויף די פישעלאך ווי זיי יאָגן זיך איינע נאך די אנדערע און קענען זיך ניט כאפּן. עס הערט זיך א קלאפּ אין טיר.

שרייבער: אריין!

(עס קומט אריין דער קריטיקער.)

קריטיקער: גוטנאָווונט.

שרייבער: א גאסט. גוט וואָס איר זענט געקומען. מאכט זיך באקוועם, און דערציילט מיר וואָס עס הערט זיך. אזא לאנגע צייט אייך ניט געזען. נו, האָט איר שוין אנגעשריבן אייער גרויס ווערק?

קריטיקער: מיין גרויס ווערק? גרויסע ווערק שרייבט מען זייער זעלטן און מען דאַרף האָבן דערצו גרויסע הכנות. קריטיק איז אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער ענין.

שרייבער: איר שרייבט נאָך אַלץ קריטיק? איך האָב געמיינט אַז איר זענט שוין קליגער געוואָרן און גענומען שאַפן וויכטיקערע זאַכן — — אנטשולדיקט, איך מיין אייך ניט צו באַליידיקן. איך וויל אייך נאָר פרעגן: נאָך וואָס דאַרף מען קריטיק? דאָס פאָלק לייענט ניט קיין קריטיק, חוץ ווען איין שרייבער זידלט אַ צווייטן, און די שרייבער קאָנען זיך אודאי באַגיין אָן קריטיקער...

קריטיקער: צו זאָגן אַז מען וואָלט זיך גע־קאָנט באַגיין אָן קריטיקער, איז פונקט ווי צו זאָגן, אַז מען וואָלט זיך געקאָנט באַגיין אָן פילאָזאָפן, אָדער אָן אַסטראָנאָמען. ווען איר קוקט אויף אַ שטערן, וואָס

זעט איר ? אַ קליין בלישטשענדיק פינטעלע, וואָס בלייבט פאַר אייך אומפאַרשטענדלאַך. קומט דער אַסטראָנאָם און דערקלערט אייך אַז דאָס איז גאָר אַ גרויסע וואונדער־לאַכע וועלט. ענלאַכס קומט פאָר אין דער קונסט וועלט. ווען איר לייענט אַ בוך — וואָס זעט איר דאָרט ? דאָס אויבנאויפיקע, דאָס אומוויכטיקע. קומט דער קרי־טיקער און ווייזט אייך וואָס אין בוך איז טיף און וויכטיק.

שרייבער: דאָס הייסט, אַנגענומען, אַז דער לע־זער איז אַן אידיאָט. אָבער פאַר אידיאָטן שרייבט מען ניט קיין ביכער. דער לעזער וואָס נוצט זיין שכל, און האָט וואָס צו באַנוצן, פאַרשטייט אַליין אַ בוך, און דאַרף ניט קיין קריטיקער וואָס זאָל אים אַרויסהעלפן.

קריטיקער: מיין ליבער פריינט, אַלע מענטשן זיינען מער אָדער ווייניקער קריטיקער, יעדע פרוי קרי־טיקירט איר מאַן, אירע שכנים, אירע פריינט און נאָך מער — אירע פריינדינס.... יעדער מאַן קריטיקירט זיי־נע קעגנער, זיינע שונאים און נאָך מער — זיין פרוי. יעדער לעזער קריטיקירט די שרייבער, וועלכע ער האָט ליב. אָבער דאָס הייסט ניט, אַז ער פאַרשטייט זיי. צו פאַרשטיין אַ שרייבער דאַרף מען זיין אַן עקספּערט פון קונסט — דאָס הייסט אַ קריטיקער.

שרייבער: אַ קריטיקער, זאָגט איר, איז אַן עקספּערט פון קונסט, אָבער אַז מען דאַרף שאַפן קונסט זענט איר ניטאָ אין דערהיים. נאָר איר וואַרט ביז דער קינסטלער קומט, דאַן קומט איר און ווערט אַ חכם איבער זיין חכמה.

קריטיקער: אַפּטמאָל איז פאַרקערט. מיט דער חכמה פון דעם קריטיקער ווערט דער שרייבער אַ חכם. דאָס איז איינמאָל אַוועק, צווייטנס, פאַרוואָס מאַכט איר אַ גרעניץ צווישן קריטיקער און קינסטלער ? דער קרי־טיקער איז דאָך אַליין אַ קינסטלער פון העכסטן ראַנג.

שרייבער: אויב איר האַלט זיך פאַר אַ קינסט־

לער, נאָך וואָס דאַרפט איר קריטיקירן וואָס אַנדערע שרייבן? שרייבט אַליין אַן אַ ווערק און זאָלן אַנדערע אייך קריטיקירן.

קריטיקער: גלויבט מיר, איך טראַכט שוין לאַנג אויפצוהערן שרייבן קריטיק, ניט ווייל איך האַלט דאָס פאַר אומוויכטיק, — קריטיק איז שוין גאָר וויכטיק, — נאָר ווייל איך קען ניט שרייבן יענע קריטיק, וועל־כע איך זע אין מיין וויזיע.

שרייבער: און איר מיינט טאַקע, אַז קריטיק איז אַזאַ וויכטיקע זאַך? מיר שיינט, אַז ס׳איז אומזיסט געדרייט אַ קאָפּ. קריטיק איז אַן איבעריקע אינסטיטו־ציע.

קריטיקער: קענט איר זיך אָבער פאָרשטעלן, ווי אַ ליטעראַטור וואָלט אויסגעזען אָן קריטיק? די זעלבסטבאַרימעריי וואָלט אויסגעוואַקסן העכער פון די העכסטע דעכער, און סקריבאָמאַניע מיט מאַנגאָמאַניע וואָלטן געטאַנצט אויף אַלע ליטעראַרישע באַנקעטן.

שרייבער: סקריבאָמאַנען האָבן אפילו ניט די ווערט מען זאָל זיי קריטיקירן. און די עכטע ליטע־ראַטן דאַרפן ניט קיין קריטיק. וואָס גיבן אונז אפילו די בעסטע קריטיקער? וועמען גיבן זיי עפּעס?

קריטיקער: זיי העלפן אַנטוויקלען די שריי־בער. זיי העלפן דעם שרייבער דערגיין צו זיין העכערן באַוואוסטזיין.

שרייבער: אָך און ווי איז צו דעם שרייבער, וואָס הערט זיך צו צו זיינע קריטיקער! איר ווילט מיר איינריידן, אַז אַ מענטש וואָס איז אַליין אָפּהענגיק פון אַ צווייטנס טאַלאַנט קאָן העלפן אַ צווייטן אַנטוויקלען זיין טאַלאַנט? טאַלאַנט קאָן בלויז באַפרוכפּערט ווערן פון טאַלאַנט. איך האַלט זיך ביי דאָס מייניקע: קרי־טיקער זיינען ליטעראַרישע פּאַראַזיטן, — זיי עקספּלוא־טירן בלויז די ליטעראַטור.

קריטיקער: מיר איז אַ וואונדער, וואָס איר ווידערהוילט די באַנאַלע רייד, וואָס אָנגעגריפּע־נע שרייבער האָבן זיך מיט זיי באַנוצט קעגן זייערע פאַר־האַסטע קריטיקער.

שרייבער: זאָל זיין באַנאַל. עס איז אָבער אַן אמת. און צוליב דעם אמת דאַרף אַ מענטש האָבן מוט אפילו צו זיין באַנאַל!

קריטיקער: אַז מען ווידערהוילט געוויסע אמת'ן אַ סך מאָל, ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין ליגנס.

שרייבער: מיט אַפאָריזמען קאָן מען ניט דער'הרג'ענען קיין אמת. אַן אמת בלייבט אַן אמת וויפיל מאָל מען זאָל אים ניט ווידערהוילן. מיר זעען דאָך, אַז מענטשן וואָס דענקען אַן געדאַנקען, וואָס שרייבן און זיינען ניט קיין שרייבער, וואָסריידן און האָבן ניט וואָס צו זאָגן, ווערן בא אונז קריטיקער, און מאַכן צונישט וואָס אַנדערע זאָגן און שאַפן.

קריטיקער: עס איז ניט אמת, אַז אַן אמת בלייבט אַלע מאָל אַן אמת. דאָס איז ריינער דאָגמאַטיזם. און נאָך איינשטיינ'ס מעטאַפיזישער פיזיק, קאָן דאָס קיין פאַרנינפטיקער מענטש ניט גלויבן. איינשטיין האָט פאַר־טיליקט דעם דאָגמאַטיזם מיט זיין טעאָריע וועגן רעלאַ־טיוויטעט. ווייל אויב אַן אַרשין איז ניט אומעטום אַן אַרשין, דאַן איז אַן אמת ניט אומעטום און אַלע מאָל אַן אמת. דאָס דאַרפט איר וויסן וועגן אמת. און איצט הערט זיך איין וועגן קריטיק. איז דען אמת, אַז קריטי־קער מאַכן נאָר צונישט? בלויז די צונישטגעמאַכטע מאַכן אַזאַ גערוואַלט. אמת'ע קריטיקער ב אַ ל ע ב ן אַ ווערק. זיי שאַפן איבער אויף אַן אָריגינעלן אופן דעם דיכטערס שאַפן. איך מיין, אַז אייער קעגנערשאַפט צו קריטיק קומט פון ניט זיין באַקאַנט מיט די ריכטיקע אויפגאַבן פון קריטישן שאַפן. עס קומט אויס אַז פון אייערטוועגן וואָלט מען אינגאַנצן ניט באַדאַרפט שרייבן

קיין קריטיק. אבער ווי אזוי וועט ווערן געשאפן אן אינטערעס פאר ליטעראטור? ווער וועט ציען די אויפ־מערקזאמקייט צו א נייע ווערק? ווער וועט זען אז דאס בוך זאל געזען ווערן, ווען עס זאלן ניט זיין קיין קרי־טיקער? נאך מער, די ריינקייט פון אונזער גייסטיקן לעבן הענגט אפ פון עכטער קריטיק. אין א וועלט פון ווארט פאבריקן, אין א וועלט פון מעכאנישע זשורנאלן און ביכער, אין א וועלט וואו די וויסנשאפט פון פסיכא־לאגיע דינט דער קונסט פון א נ א נ ס ן — אין אזא וועלט איז נויטיק א שטארקע, פאראנטווארטלאכע קרי־טיק, וואס זאלווארפן א שאטן אויף אלץ וואס איז פאלש און געמיין און האלטן א ליכט איבער אלץ וואס איז עכט און גוט. אן אמת׳ער קריטיק איז מען באדארפן. דארט, וואו עס איז דא א הויכע קריטיק, דארט איז דא א הויכע קולטור. איר ווייסט דאס אליין גאנץ גוט. היינט, צוליב וואס שפארט איר זיך? אייער קעגנער־שאפט איז דאך אפילו ניט קיין איינזייטיקייט, איר זענט עקסטרעם צוליב עקסטרעמיטעט.

ש ר י י ב ע ר: ארויסצוברייגגען אן אמת מוז מען זיין עקסטרעם. וואס העלפן אלע אייערע טענות, ס׳איז דאך אלעמען באוואוסט, אז די וואס האבן געוואלט אליין עפעס זאגן און ניט געקאנט, די וואס האבן געוואלט קריגן א נאמען און אליין גארניט געבן, זיינען געווארן קרי־טיקער און זיך געשאפן א נאמען אויף דעם חשבון פון אנדערע. די אומבאהאלפנקייט פון קריטיקער איז, וואס זיי קאנען ניט זיין קרעאטיוו. צו דעם דארף מען האבן אן אייגענעם קוואל, קריטיקער שעפן אלע מאל פון פרעמדע קוואלן.

ק ר י ט י ק ע ר: אין דעם פרט זענט איר אומ־גערעכט. ווייזט אויס איר האט זיך ניט גענוג פארטיפט אין דעם פראצעס פון שאפן. צו ווידערהוילן, אז דער קרע־אטיווער טאלאנט איז גרעסער פון דעם ק ר י ט י ש ן

טאלאנט, באווייזט נאר, אז מען איז אליין ניט גענוג קריטיש. — — — ווייל אויב איין טאלאנט איז גרעסער פון א צווייטן, איז דאס דערפאר ווייל ער איז מער קרי־טיש. איר דארפט געדענקען, אז יעדע ש א פ ו נ ג גייט האנט אין האנט מיט א שארפן קריטישן זין.

ש ר י י ב ע ר: וואס טויגן חכמות? איר זענט דאך אליין א שרייבער פון קריטיק, ווייזט מיר איין קרי־טיקער וואס האט געשאפן עפעס אייגנס.

ק ר י ט י ק ע ר: מיר איז א וואונדער איר זאלט אזוי רעדן, דאס באווייזט ווי ווייניק אונזערע שרייבער זיינען באקאנט מיט קינסטלערישער קריטיק.

ש ר י י ב ע ר: וואס טויגן מיר די לאמענטאציעס? גיט פאקטן.

ק ר י ט י ק ע ר: פאקטן האבן ניט קיין ווערט, עס ווענדט זיך ווי אזוי מען זעט זיי. ווען איר וואלט געלייענט קריטיק וואלט איר געוואוסט, אז עס זיינען פאראן קריטיקער, וועלכע מען קאן ניט פארבייטן אויף צענדליקער שרייבער. איר קאנט ארויסנעמען צען שריי־בער פון דער וועלט־ליטעראטור און עס וועט ניט בלייבן קיין ליידיקייט, וואס זאל זיך שטארק אנזען. אבער אז איר זאלט ארויסנעמען דעם איינעם קריטיקער, היפאליט טען, וועט בלייבען אזא שרייאיקע ליידיקייט וואס איר וועט זי ניט קאנען אויספילן מיט צוואנציק שרייבער.

ש ר י י ב ע ר: איר האט ניט פארענטפערט מיין פראגע. טען איז ניט געווען קיין קריטיקער נאר א היס־טאריקער. און וואס פאר א נייס האט ער אנטדעקט? ער האט בלויז צענויפגעזאמלט וואס איז שוין געווען פארטיק. און צו דעם דארף מען ניט זיין קיין זשעני.

ק ר י ט י ק ע ר: אייער ווילן פארקלענערן טענ׳ס ווערט מיט דעם, וואס איר רופט אים היסטאריקער, מאכט אים גארניט קלענער. דער נאמען ענדערט ניט די זאך. דער לייב ווערט ניט קלענער ווען מען רופט אים

קאַץ. אויסער דעם גיט איר צו נאָך איין מעלה דעם גרויסן זשעני. מען איז טאַקע אויך אַ היסטאָריקער, ווייל אַ גרויסער קריטיקער מוז זיין אַלץ: אַ וויסנשאַפטס-מאַן, אַ פילאָזאָף, אַ דיכטער און מער פון אַלץ אַן ערלאַכער מענטש.

שרייבער: צו זאָגן איז זייער לייכט, אָבער באַ-ווייזן? די פראַגע איז, צי קאָנט איר באַווייזן, אַז מען האָט עפּעס אַנטדעקט אין דער וויסנשאַפט, אין דער פי-לאָזאָפיע און אין דער דיכטונג? וואָס פאַר אַ נייס האָט מען געבראַכט? ער האָט אין דער ליטעראַטור געטאָן דאָס אייגענע, וואָס באָקל אין דער געשיכטע: ער האָט געוואָלט ווייזן, אַז אַלץ אַנטוויקלט זיך געזעצמעסיק, און די פּסיכישע דערשיינונגען האָבן זייערע אורזאַכן, פּונקט ווי די מאַטעריעלע. ער איז געווען אַ מאַטעריאַ-ליסט. ער האָט געוואָלט באַווייזן, אַז נאָר אונטער אַזוינע און אַזוינע אומשטענדן קאָן זיך אַנטוויקלען אַזאַ כאַראַק-טער; דערפאַר אַזאַ שרייבער און אַזאַ ליטעראַטור. אָבער ער האָט עס ניט באַוויזן. ווייל פאַרוואָס זיינען די מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אונטער דיזעלביקע אומ-שטענדן ווי בייראָן, ניט געוואָרן קיין דיכטער? אָדער דיכטער וואָס האָבן געלעבט אין דערזעלביקער צייט און אין דערזעלביקער אומגעבונג, געשריבן אַנדערש ווי בייראָן? אַ ביישפּיל: שעלי.

קריטיקער: איך וועל אייך ענטפערן אויף דעם.

שרייבער: ניין, ניין, איין מינוט, לאָזט. לויט מיין מיינונג, איז טען'ס געשיכטלאַכע קריטיק פון ליטע-ראַטור איינזייטיק. ווייל די וואָרצלען פון אַ דיכטערס שאַפן דאַרף מען זוכן ניט אין דער סאָציאָלאָגיע, ניט אין דער געשיכטע, אָדער אין דער אומגעבונג. וויכטיק איז דאָס פערזענלאַכע, דאָס לירישע און דאָס אייגנאַרטיקע. און די אַלע אַטריבוטן דאַרף מען גיכער זוכן אין דער קאָמבינאַציע פון זיין ירושה. אָבער

איז דען דאָס מעגלאַך? ירושה פּירט דאָך צו דער אומ־ענדלאַכער פאַרגאַנגענהייט, וואו דער מענטשלאַכער שכל גייט פאַרלאָרן. נאָר צו וואָס זוכן די וואָרצלען פון דעם בוים? וואָס מיר ווילן איז די פ ר ו כ ט: די פּערזענ־לאַכקייט און די שאַפונג! ווייל וויכטיק איז ניט, וויפיל דאָס לעבן האָט געווירקט אויף דעם קינסטלער, נאָר וויפיל דער ק י נ ס ט ל ע ר האָט געווירקט אויף דעם לעבן.

ק ר י ט י ק ע ר: איך וועל אייך באַווייזן אַז ס׳איז יאָ וויכטיק וויפיל אַ דיכטער ווערט באַווירקט פון לעבן. ווייל די אומשטענדן, אונטער וועלכע דער דיכטער לעבט, צווינגען אים צו שרייבן אַ ז ו י און נ י ט אַ נ־ד ע ר ש.

ש ר י י ב ע ר: דאָס באַווייזט גאָרניט. מיט אוי־סערלאַכע אורזאַכן קען מען ניט דערקלערן דעם סוד פון שאַפן. מיט די אומשטענדן קען מען ניט דערקלערן אַלע דערשיינונגען. פאַראַן זאַכן, וואָס דער מענטש קאָן איבערהויפּט ניט דערגיין. צו דערגיין פאַרוואָס איין שרייבער שרייבט אַזוי און אַ צווייטער אַנדערש, איז ניט מעגלאַך פאַרן מענטשלאַכן אינטעלעקט. דער מענטש קאָן זיך דערקלערן די מאַניפעסטאַציע פון זיין, די באַוועגונג פון זיין, אָבער ווען עס קומט צו דעם ז י י ן זעלבסט, דאָרט בלייבט דער אינטעלעקט שטיין אויף איין אָרט און דרייט זיך אַרום זיך אַליין. דאָס ז י י ן וויל ניט אַרויס־געבן זיין סוד. דאָס וואָלט געווען מעגלאַך ווען אַלץ זאָל זיין באַוואוסטזיין. אָבער זיין איז ניט וועלט־אַל באַוואוסטזיין, נאָר זיין. ניין, דער זיין האָט אויך אַ ווילן צו זעלבסטבאַוואוסטזיין, אָבער ער וועט צו דעם קיינמאָל ניט דערגיין, ווייל דאָס איז דער ווידערשפּרוך פון דעם זיין. ער איז אַלץ און שטרעבט אייביק צו ווערן עפּעס אַנדערש. דאָס איז דער סוד פון דער אייביקער איבערשאַפונג וואָס שיינט צו זיין בלויז אַן אילוזיע.

ווייל אין דער אייביקייט קאָן אויף אַן אמת קיין זאַך ניט באַשאַפן ווערן — אין דער אייביקייט איז אַלץ פאַרטיק. באַשאַפונג פאַרוויקלט אין זיך אַן אָנהויב און אַ סוף און דאָס איז אַ ריין־מענטשלאַכער סוביעקטיווער באַגריף, וואָס איז געקומען דורך דער מענטשלאַכער אָביעקטיווער שאַפונג. און אייער בערגסאָנ׳ס אינטואיציע העלפט דאָ אויך ניט. די אינטואיציע קאָן ניט אַריינדרינגען אין דעם זיין ווי לאַנג זי איז ניט באַוואוסטזיניק, אָבער ווען די אינטואיציע ווערט באַוואוסטזיניק, פאַרוואַנדלט זי זיך אין אינטעלעקט און בלייבט שטיין ביי די זעלביקע גרעניצן פון דער אילוזיע פון מענטשלאַכער באַשאַפונג. דערפאַר קאָנען מיר ניט אַריינקוקן אין דעם סוד פון זיין. ווייל מיר מוזן סוף כל סוף אָנקומען צום אינטעלעקט, וואָס אָפּעריִרט מיט מענטשלאַכע אילוזיעס פון באַשאַפונג און קאָן זיך אַליין ניט באַגרייפן, פונקט ווי דער שפּיגל קאָן זיך אַליין ניט אָפּשפּיגלען. אָדער, דייטלאַכער געזאָגט, דער אינטעלעקט — אויב מען מעג זיך באַנוצן מיט אַ פיזיאָלאָגישן ביישפּיל — איז ענלאַך צום מאָגן: ער פאַרדייעט בלויז דאָס פלייש, וואָס ער נעמט אַריין פון דרויסן, און כאָטש ער אַליין איז פון פלייש, דאָך ז י ך א ל י י ן פאַרדייעט ער ניט. דער אינטעלעקט פאַרשטייט פיל אורזאַכן, אָבער ז י י ן א י י ג ע נ ע א ו ר ז א ך פאַרשטייט ער ניט.

ק ר י ט י ק ע ר : ווי איך זע האָט איר הנאה פון פּלפּול. אַ מענטש האָט ליב זיך אַליין צו פאַרפּלאָנטערן, דערנאָך זאָל אים זיין שווער זיך אַרויסצופּלאָנטערן. לאָמיר בעסער צוריק אַרויף אויף דעם גלייכן וועג. טען איז ניט גרויס דערמיט, וואָס ער האָט געוואָלט דערקלערן אַלע פּסיכישע דערשיינונגען געזעצמעסיק, אָדער מיט די אומשטענדן, פונקט ווי מאַרקס איז ניט גרויס דערפאַר, ווייל ער האָט געוואָלט אַלץ דערקלערן מיט

דעם עקאָנאָמישן דעטערמיניזם. מארקס האָט באַשאַפן אַ נייע עטיק, אַ נייעם קוק אויפן לעבן און טען איז גרויס דערפאַר, ווייל ער האָט גענומען די איינציקע ציגל און שטיינער פון דער ענגלישער ליטעראַטור און פון זיי אויפגעבויט אַ קאָלאָסאַלן גייסטיקן טורעם. טען איז דער גרעסטער אַרכיטעקט צווישן די קריטיקער.

שרייבער: זאָל זיין, אַז עס איז געווען איין גרויסער קריטיקער. וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דאָס? האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַן אויסנאָם. —

קריטיקער: איר האָט אַ טעות: טען איז ניט דער איין איינציקער. פאַרוואָס פאַרזעט איר אַזעל־כע קרעאַטיווע קריטיקער ווי געטע, היינע, קאַרלייל, לעפקאַדיאָ הוירן, אָסקאַר ווײַלד, רעמי דע־גורמאָן און ה. ל. מענקען? און וואָס הערט זיך מיט אַזאַ ווירטואָז אין דער קריטיק ווי סענט בעיוו? וואו איז דאָ אַ גלייכן צו זיין פּילזייטיקייט? צו זיין טיפער פאַרשטענ־דעניש, צו זיין קאָנען מאָלן אַ פּאָרטרעט פון אַ קינסט־לערישן כאַראַקטער? סענט בעיוו איז דער פאָרשער פון דאָס אינדיווידועלע, דער אַנטדעקער פון דעם אינטימן מענטשן אין דער ליטעראַטור. ווער איז נאָך אַזוי מענטשלאַך און פאַרשטייט מיט אַזוי פיל סימפּאַטיע דאָס עכט־מענטשלאַכע ווי סענט בעיוו? פּונקט ווי אַ לויטע־רער טייך שפּיגלט אָפּ די ביימער, וואָס וואַקסן אַרום זיינע ברעגן, אַזוי שפּיגלט סענט בעיוו אָפּ פראַנקרייכס גרויסע געשטאַלטן פון ניינצנטן יאָרהונדערט.

שרייבער: גוט. זאָל זיין אַז אַלץ איז ריכטיק. אָבער וויפיל נאָך האָט איר אַזעלכע ריזן?

קריטיקער: מיין פריינט, עס וועלן קומען נאָך און נאָך. די קריטיק האָט אַ גרויסע צוקונפט. אַלע אַנדערע פאָרמען פון שרייבן וועלן מיט דער צייט זיין אָפּגענוצט, די וועלט איז שוין איבערגעפּלייצט מיט ראָ־מאַנען און לידער. אָבער קריטיק איז פּראָפּאָרציאָנעל

נאָך ווייניק געשאַפן געוואָרן. קריטיק איז נאָך פריש אין פאָרם און דער אמת׳ער קריטיקער וועט אויך ברענגען אַ פרישן, שאַפערישן אינהאַלט.

שרייבער: דאָס דאַרף נאָך באַוויזן ווערן.

קריטיקער: און איך וועל דאָס אייך באַווייזן.

שרייבער: וואָס, איר ווילט נאָך רעדן?

קריטיקער: מיר האָבן נאָך אַ גאַנצן אָוונט פאַר זיך.

שרייבער: דעם אָוונט דאַרפן מיר פאַרברענגען מיט... איך וואַרט היינט אויף אַ גאַסט.






א. וואַלקאָוויטש

# פרויען

שרייבער: דאכט זיך, אז איך הער עמיצן אויף יענער זייט טיר... עמיץ וויל אריינגיין... אנטשולדיקט (ער עפנט די טיר און עס באווייזט זיך א דאמע). א, ווענען איך זע, א טייערער גאסט. באקאנט זיך: מאדאם פרייד און אונזער קריטיקער. — מיר דיסקוטירן דא זייער טרוקענע פראגן, גוט וואס איר זענט געקומען, מיט אייך וועט ווערן פריילאכער.

די דאמע: איך האב אייך אפשר געשטערט?

שרייבער: פאר קיין פאל ניט. איר זענט פונקט אריינגעקומען אין דער ריכטיקער צייט. איצט וועט אונזער געשפרעך אננעמען א בעסערע ווענדונג. ווען גאט וואלט אייך ניט צוגעשיקט, ווער ווייסט וואוהין מיר וואלטן פארבלאנדזשעט. איר וועט אונז שוין ארויספירן אויפן ריכטיקן וועג. פרויען רעגן אונז אלעמאל אן צום גוטן.

די דאמע: און איך האב געהערט אז לייט קלאגן זיך אז פרויען רעגן אויך אן צום שלעכטן.

שרייבער: (שפאסיק) צום שלעכטן זענען מיר אליין גענוג אנגערעגט — — —

די דאמע: פארוואס זאלן פרויען ניט אנרעגן צום שלעכטן אזוי ווי מענער? איר באשרענקט דאך אונזער רעכט...

שרייבער: ווען מיר רעדן וועגן פרויען, קאן ניט זיין אזא פראגע. אונזער אידעאל פון שיינקייט שטייט אויסער רעכט, אדער העכער פון יעדן רעכט. פרויען זיינען אונזער אידעאל, אדער — גארנישט.

די דאמע: וואס זאגט איר, הער קריטיקער?

קריטיקער: (מיט א געצוואונגענער רואיקייט.)
איך בין דריי פערטל איינשטימיק מיט אונזער פריינט.

די דאמע: איך בין נייגעריק צו הערן וואס
איר ווילט צוגעבן.

קריטיקער: איך וועל אייך זאגן דעם אמת:
אונטער די אויגן זיינען פרויען אונז זייער פארדעכ־
טיק. אבער מיר קריגן גאנץ אנדערע מיינונגען ווען
מיר דערזעען זיי... איך גלויב אז פרויען זיינען די
פארבליבענע געטער פון די אמאליקע צייטן, ווען די
ערד איז נאך געווען יונג און אירע קינדער האבן זיך
גענערט מיט אירע פרישע זאפטן. אין דער פרוי איז נאך
פארבליבן דער פרישער זאפט פון דער ערד... אנטוישט
מען זיך אין פרויען, ווערט מען ערשט אן אמת׳ער סקעפ־
טיקער...

שרייבער: איר דארפט אבער וויסן, אז ס׳איז
פאראן א גלויבן וואס פארוואנדלט זיך אין א סקעפ־
טיציזם, און א סקעפטיציזם וואס פארוואנדלט זיך אין
א גלויבן. און פרויען זיינען פון יענע געטער, וואס אפילו
ווען מען גלויבט ניט אין זיי, מוז מען אויך צו זיי
דינען...

די דאמע: איר זענט פונקט אזוי ווי אלע, איר
שטעלט די פרוי צו הויך אין דער פאנטאזיע, און צו
נידעריק אין דערווירקלאכקייט, און אזא גוטקייט ווילן
מיר מער ניט. מיר ווילן איר זאלט אנערקענען די פרוי
מיט אלע אירע מעלות און חסרונות, און האבן וועגן איר
די זעלביקע מיינונג ווי וועגן זיך אליין.

שרייבער: די פרוי וועט דאן ניט קאנען זיין
אונזער אידעאל. א מאן פארגעטערט נאר דאס, וואס
איז אנדערש פון אים. פארוואס האבן מענטשן פאר־
געטערט די זון, די שטערן, דעם הימל, דעם מענטש,
און ניט זיך אליין? ווייל זיך איז דער מענטש צו
נאענט, און פארגעטערן קען מען נאר וואס איז ווייט

— — דערפאַר, ליבע דאַמע, דאַרף די פרוי בלייבן ווייט פון דעם מאַן...

די דאַמע: אוי, ווי נאַריש מענער ריידן וועגן פרויען. דעם מאַנס איינציקער פריינט אויף דער ערד, איז די פרוי, וויל ער גאַר זי זאָל זיין ווייט פון אים.

קריטיקער: אז מען וויל אויפהאַלטן די ליבע צו אַ חבר דאַרף מען שטעלן אַ גרעניץ צווישן זיך און אים.

די דאַמע: איך מיין פונקט פאַרקערט. אַז מען האָט ליב וויל מען זיין נאָענט —

שרייבער: נו, ווי געפעלט אייך אונזער פריינדין פרייד? זי רעדט דאָך צו דער זאַך — אהאַ? וואָס זאָגט איר צו דעם? איר זייט דאָך עפּעס אַ קריטיקער!

קריטיקער: (קוקענדיק אויף דער דאַמע מיט אַ שמייכל) אויף דאַמען איז ניטאָ קיין קריטיק. זיי זיינען אומקריטיקירלעך, אַזוי ווי די געטער.

די דאַמע: (כלומרשט פאַרשעמענדיק זיך.) איך האָב דאָס ניט ליב... איר צערטלט אונז צופיל. איר זענט צו זיס. זיסקייטן זיינען גוט פאַר קינדער. מיר זיינען דערוואַקסענע מענטשן.

(די דאַמע ווערט אומגעדולדיק, מאַכט אַ באַוועגונג ווי זי וואָלט זיך גרייטן אַוועקצוגיין).

קריטיקער: גייט נאָך ניט, וואָס איילט איר זיך? איר ווייסט דאָך אַז אָן דאַמען זיינען מיר ניט טויט, ניט לעבעדיק. ווען איר זייט ניט מיט אונז, וואָלטן מיר ניט געהאַט פאַר וועמען זיך אויסצופּיינען, זיין אינטערעסאַנט...

די דאַמע: וואָלט אפשר געווען בעסער. ווייל אַז מען רעדט אַ סך דערדעדט מען זיך... מענער האָבן אויסגעטראַכט אַז פרויען האָבן ניין מאָס רייד, און זיי אַליין ריידן אָן אַ מאָס. פאַרוואָס זאָלן מענטשן ניט קאָנען שווייגן און זיך צוהערן צו דער קלוגער שטילקייט? —

שרייבער: גוט, וועלן מיר קלוג שווייגן, וועט איך זיין אינטערעסאַנט?

קריטיקער: פון היינט אָן באַשלים איך צו נע־מען לעקציעס אין שווייגן — איר קאָנט מיר אפשר רע־קאָמענדירן א לערער?

שרייבער: אַזוינס קאָן קיינער ניט אויס־לערנען. צו דעם מוז מען אַליין דערגיין, אַזוי ווי צו אַלץ, וואָס מען מוז אַליין דערלעבן.

די דאַמע: איך זע שוין ווי איר קאָנט שווייגן, אַז שווייגן ווערט ביי אייך אַליין אַ טעמע צום ריידן — — — נאָר אויב שוין יאָ ריידן, רעדט וועגן עפּעס אינטערע־סאַנטעס.

שרייבער: אַהאַ, איר ווילט אַז מען זאָל ריידן פון ליבע?

קריטיקער: זעט איר, פון ליבע דאַרף מען טאַקע ניט ריידן נאָר שווייגן.

די דאַמע: ? — —

קריטיקער: ווייל די שענסטע זאַכן שווייגט מען אויס.

שרייבער: איר מוזט אָבער צוגעבן אַז פאַר אַ געשפּרעך איז ליבע דאָס אינטערעסאַנטסטע אין דער וועלט.

קריטיקער: עס הויבט זיך ניט אָן. פאַרקערט, ליבע איז ניט אינטערעסאַנט פאַר אַ געשפּרעך, נאָר פאַר אויסשפּילן זי מיט עקסטאַז... און ליבן שטילערהייט, אין געהיים, איז אינטערעסאַנטער ווי ווען אַלע ווייסן. ליבע איז אַ ליכט וואָס קאָן נאָר לייכטן אין דער שטיל־קייט, אין אַ סוד... ליבע איז אַ מיסטעריעז פייער, דער אָטעם פון מענטשלאַכע שטימען לעשט אויס איר פלאַם...

שרייבער: איך האָב ניט געוואוסט אַז אַ קרי־טיקער קאָן זיין אַזוי סענטימענטאַל.

די דאַמע: ווייזט אויס, אַז איר האָט ניט קיין גוטע מיינונג וועגן קריטיקער.

קריטיקער: שרייבער קאָנען ניט לעבן בשלום מיט קריטיקער, זיי מיינען אַז דער קריטיקער איז זייער שונא, דערפאַר ווערן זיי אים שונאים... וואָס גרעסער אַ קריטיקער איז, אַלץ גרעסער איז די צאָל פון זיינע שונאים. אויב אַ קריטיקער האָט צופיל גוטע פריינט צווישן קינסטלער, איז זיין קריטיק פאַרדעכטיק...

די דאַמע: אויב אַזוי, זענט איר אַ גרויסער קריטיקער?..

שרייבער: שונאים באַווייזן נאָך ניט איינעמס גרויסקייט, מען דאַרף אויך האָבן פריינט.

קריטיקער: פריינט קריגט אַ קריטיקער נאָכ'ן טויט, ביים לעבן זיינען אים זיינע פריינט אויך שונאים.. מענטשן קאָנען ניט זיין קיין גוטע פריינט מיט דעם, וואָס איז מיט זיי אויפריכטיק, זייער פריינטשאַפט פאַרלאַנגט ביטערקייט און פאַלשקייט. אנשטאָט דעם ביטערן אמת האָבן זיי ליבער דעם ליגן, אַבי דער ליגן זאָל זיין זיס. קינסטלער זיינען אין דעם ניט קיין אויסנאָם.

די דאַמע: איר זענט צו פעסימיסטיש וועגן מענטשן. ניט אומזיסט זענט איר אַ קריטיקער . . . נו, איך מוז שוין גיין.

שרייבער: פאַרוואָס ווילט איר פון אונז אַזוי גיך אַנטלויפן?

די דאַמע: פאַרוואָס אַנטלויפט איר ווען איר ווילט?...

קריטיקער: (צום שרייבער.) איך וועל זי בעטן בלייבן, מיר וועט זי דאָך ניט אָפּזאָגן. (צו דער דאַמע) איז אייך ניט גוט מיט אונז, וואָס איר ווילט זיך שוין פון אונז דערווייטערן? עס איז דאָך געוואָרן אַזוי גוט ווען איר זייט אַריינגעקומען, און איר ווילט אונז שוין פאַרלאָזן. פאַרגינט איר אונז ניט דעם פאַרגעניגן?

אדער זיינען אייך ניט געווען אינטערעסאנט אונזערע רייד וואס מיר האבן גערעדט און — געוואלט זאגן עפעס אנדערש? איר ווייסט דאך אליין, אז אין געזעלשאפט רעדט מען קיינמאל ניט וואס מען וויל זאגן... בלייבט מיט אונז, וועל איך אייך עפעס דערציילן — איר ווייסט, איך קאן אייך שוין פון זייער לאנג... איך האב אייך פיל מאל געזען.

די דאמע: עס קאן ניט זיין. מיר האבן זיך אין ערגעץ ניט געטראפן.

קריטיקער: האב איך אייך געזען אין חלום...

שרייבער: א מענטשן וואס מען קאן ניט, קאן מען קיינמאל אין חלום ניט זען —

קריטיקער: מיט פארמאכטע אויגן, זעט מען מער ווי מיט אפענע... און אין חלום זעט מען ערשט אויף אן אמת...

די דאמע: בלייבט דאך אלץ א קשיא: אז איר זעט מיך דאך דאס ערשטע מאל?

קריטיקער: האב איך אייך אויסגעחלומט... שוין זייער לאנג... פון אייביק אן... איר ווייסט דאך, פריער קומט דער חלום, דערנאך די וואר... איך האלט מער פון חלומות ווי פון דער וואר . . . . טיילמאל ווילט זיך מיר די גאנצע ווירקלאכקייט פאר־וואנדלען אין א חלום... לאמיר דאס היינט אויספרובן. בלייבט דא, מיר וועלן באלד ברענגען וויין און מאכן א חלום פאר א ווירקלאכקייט...

די דאמע: ניט איצט, איך וועל אפשר קומען צוריק שפעטער. איצט מוז איך גיין.

שרייבער: מיין ווילן איז ניט אז מענטשן זאלן האנדלען לויט מיין ווילן, נאר דאס וואס איך וויל פון זיי, זאלן זיי אויך וועלן. איר זאלט זיכער קומען צוריק. איך בעט אייך, אז ניט וועל איך זיין בייז!

די דאמע: איר וועט ניט זיין בייז — אדיע.

שרייבער: מיר וועלן אויף אייך וואַרטן, אַפילו ביז —

קריטיקער: צום ווידערזען — אָבער לאָזט ניט צו לאַנג וואַרטן אויף אייך... וואַרטן איז פּיינלאַך.

(ווי נאָר די דאַמע מאַכט צו די טיר אויף יענער זייט, דערפילן זיי אַ מיסטעריעזע שטילקייט).

שרייבער: איר ווייסט, פאַרוואָס זי איז אַוועק?

קריטיקער: איבער מיר?

שרייבער: זענט איר דאָך אַ חכם. פרויען האָבן ניט ליב קיין סך רייד, און אַפילו ווייניק רייד וועגן קריטיק אין ליטעראַטור. זיי ווילן דאָס שווייגנ-דיקע... דאָס פאַרבאָרגענע... דאָס מיסטעריעזע לעבן אַליין... אויב זיי דערפילן דאָס ניט, אַנטלויפן זיי פון אונז.

קריטיקער: הייסט דאָס, אַז אונזער לעבן באַ-שטייט פון פרויען און צופאַל. — אַט שיקט דער צופאַל דיר צו אַזויפיל גליק אויף איין מאָל, און איי-דער דו דרייסט זיך אוים, האָט ער דאָס פון דיר צוגע-נומען, דאָס אייגענע — מיט דער פרוי. — פאַרוואָס דענקט איר איז איר געוואָרן ענג מיט אונז?

שרייבער: פרויען זיינען טראַגישע באַשעפע-נישן, זייער ווייניק זאַכן קאָנען זיי צופרידנשטעלן, פרויען ווייסן קיינמאָל ניט וואָס זיי ווילן. דערפאַר ווילן זיי דאָס אוממעגלאַכע. כאָטש זיי זיינען פאַרשקלאַפט צום פּראַק-טישן לעבן, דאָך לעבן זיי אַלעמאָל מיט אילוזיעס. ווען זיי קלאַפּן זיך אָן אָן דער האַרטער ווירקלאַכקייט, ווערן זיי צעבראָכן, היסטעריש. לאָזן פריי זייערע משוגענע קאַפּריזן, און ווייסן ניט וואָס צו טאָן מיט זיך. פרויען זיינען ניט ווי איר האָט געזאָגט: פאַרבליבענע געטער, העכער פון קריטיק. מיר שיינט אַז פרויען שטאַמען פון אַ נידעריקן מין. זיי פירן צו דעגענעראַציע... צוליב זייער איינפלוס איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ פאַלשע ציווי-

ליזאציע, וואָס פירט די מענטשהייט צו גייסטיקער אימ־פּאָטענץ. די קולטור האָט די פרויען ניט געלייטערט, נאָר נאָך מער זיי פאַרדאָרבן... עס איז ניט אמת, אַז פרויען זיינען הינטערשטעליק אין זייער אַנטוויקלונג, זיי האָבן זיך נאָר אַנטוויקלט אויף אַזאַ אופן, וואָס איז געוואָרן אַ שטערונג פאַרן מאַן... באַווייזן? נאָך וואָס דאַרף מען אָטאָ וויינינגער׳ס לאַנגע טענות — ווייס דען ניט יעדער האָפּענונגלאָזער פאַרהייראַטער מאַן, אַז פרויען זיינען אוממעגלאַכע באַשעפעניש? אמת, זיי זיינען אַזוי צאַרט און דין ווי די שאַרפסטע בריטוועס. נאָר רירט מען זיך צו זיי צו, צעשניידט מען זיך ביז בלוט... און אַז זיי דערזעען דאָס בלוט, דערשרעקן זיי זיך, נעמען וויינען, און רייסן זיך די האָר פון קאָפּ.

קריטיקער: ווייסט איר אָבער ווי טרויעריק, לאַנגווייליק און פּוסט דאָס לעבן וואָלט געווען אָן זיי?
— פרויען רעגן אונזער פאַנטאַזיע, צינדן אָן אונזער עקס־טאַז, רופן אַרויס די שענסטע וויזיעס, וועקן אונזער פאַרשלאָפענע ענערגיע, גיבן אונז אַמביציע צו לעבן און שאַפן, פירן אונז צו זינד און צו הייליקייט... פרויען פאַרכשופ׳ן אונז... זיי זיינען די פּאָעזיע פון דער ערד. אָן זיי וואָלט דאָס לעבן געווען איין שטיק לאַנג־ווייליקע פּראָזע...

שרייבער: איך גיב צו אַז אָן זיי וואָלט אפשר געווען ערגער. אָבער דאָס מיינט ניט אַז מיט זיי איז גוט. מען דאַרף זיך פאַר זיי היטן ווי פאַר די ערגסטע שונאים. אַ מאַן דאַרף זיך היטן, אַז אַ פרוי זאָל איבער אים ניט קריגן די אויבערמאַכט. ווייל אויב אַ פרוי ווערט אַ הערשער, ווערט זי דער גרעסטער טיראַן אין דער וועלט... אַזוי ווי צו הערשן איז זי צו שוואַך, ווערט זי אַ שקלאַף און באַהערשט מיט איר שקלאַפע־רישער שוואַכקייט... די טיראַניי פון שוואַכקייט איז פיל ערגער ווי די טיראַניי פון מאַכט. זי פירט צו פּיין

און צו זעלבסטפּייניקונג. דערפאַר דאַרף אַ פרוי, ווי אַ קינד, האָבן איבער זיך אַ שטרענגן האַר, אַז ניט פאַרפּייניקט זי זיך אַליין...

קריטיקער: איך מיין, אַז איר זענט צו פאַר־טייאיש, אָדער צו מענעריש אין אייער אורטייל. איר זענט אַ צו שטרענגער ריכטער —

שרייבער: אַ מאַן איז קיינמאָל ניט צו שטרענג צו דעם שיינעם מין. די שטרענגסטע ריכטער איבער פרויען זיינען פרויען אליין... פרויען פאַרגינען אפילו ניט איינע די אַנדערע זייער שיינקייט... אַזוי קליינגייסטיק זיינען זיי.

קריטיקער: איך מיין אַז איר טרייבט איבער אַזויפיל וויפיל אַ טעאַטער —

שרייבער: איך האָב פיינט צו איבערטרייבן. נאָר ווען מען קאָנצענטרירט די שלעכטע ווירקלאַכקייט אויף איין פונקט, זעט זי אויס צו שרעקלאַך מען זאָל זי ווען דערקענען. אָבער ליידער איז דאָס דער פיינלאַ־כער אמת. טראַכט זיך אַריין, וועט איר איינזען אַז די מאָדערנע פרוי האָט קיין לעבנסציל ניט. זי ווייסט מער ניט וואָס פאַר אַ לעבן זי לעבט, אָדער דאַרף לעבן. די מאָדערנע פרויען ווייסן מער ניט וואָס זיי ווילן. פּאָ־ליטיק איז בלויז געוועזן אַן אויסרייד... דער אמת איז, אַז זיי זיינען ניט צופרידן מיט זייער פּערזענלאַכן לעבן... דער באַוואוסטזיין פון האָבן אַ מאַן באַרו־איקט זיי מער ניט, און גיט זיי ניט קיין פרייד. קיין מוטערס ווילן זיי ניט זיין. מוטערשאַפט — זייער נאַ־טירלאַכער באַרוף — איז פאַר זיי געוואָרן אַ לאַסט. און די וואָס זיינען יאָ מוטערס, פילן אין דעם ניט קיין טרייסט. מוטערשאַפט איז פאַר זיי מער ניט קיין היי־ליקייט. ליבע איז פאַר זיי מער ניט קיין געטלאַכער סוד, נאָר אַ שפּיל צו פאַרטרייבן זייער ליידיקע צייט.

קריטיקער: אויב אין דעם זאָל זיין אַ טייל

אמת, הויבן אָן זיך שאָקלען די זיילן פון אונזער לעבן. מען דאַרף באַשאַפן פאַר דער פרוי אַ נייע הייליקייט... זי אויפוועקן צו אירע גרויסע אויפגאַבן אין לעבן. אָנ־ווייזן די גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס עס ליגט אויף איר... זי, וואָס איז די מוטער פון לעבן, האָט באַדאַרפט דערציען דאָס לעבן לויט אַ גרויסן אידעאַל. אַמאָל האָבן דאָך פרויען געהאַט —

ש ר י י ב ע ר: מיט אַ צייט צוריק האָבן פרויען גע־מיינט אַז זיי ווילן עפּעס. ווייל זיי האָבן געגלויבט אַז זיי ווייסן וואָס זיי ווילן, נאָר מיר האָבן זיי געשטערט זייערע צילן צו דערגרייכן. היינט אָבער האָבן זיי זיך דערוואוסט דעם גרויסן סוד: אַז זיי ווייסן ניט וואָס צו וועלן...

ק ר י ט י ק ע ר: זיי האָבן דאָך עפּעס אַמאָל אַזוי שטאַרק געוואָלט פרייהייט —

ש ר י י ב ע ר: שטאַרק האָבן זיי קיינמאָל ניט גע־וואָלט, מיר האָבן זיי די פרייהייט אַליין געגעבן... מיט אונזער אייגענעם גוטן ווילן. אונזער זעלבסטאַנטוויק־לונג האָט געפירט דערצו. אָבער וואָס פאַר אַ נוצן מאַכן זיי פון זייער פרייהייט? זיי ווייסן דאָך ניט וואָס צו טאָן מיט איר. און פרייהייט איז זייער געפערלאַך, ווען מען ווייס ניט אויף וואָס זי צו פאַרברויכן... פרויען האָבן נאָך ניט געפונען זייער גלייכגעוויכט אין לעבן. פריער איז זיי געווען גוט פון דער ש ל ע כ ט ק י י ט, היינט איז זיי שלעכט פון דער ג ו ט ס ק י י ט... זיי זיינען געוואָרן זעלבסטשטענדיק, הויבן אָן אַליין צו לעבן, דערפאַר — אַ ל י י ן צ ו ל י י ד ן... די פאַראַנט־וואָרטלאַכקייט פאַר זיך אַליין איז, ווייזט אויס, ניט אַזאַ לייכטע זאַך, ווי זיי האָבן געמיינט.

ק ר י ט י ק ע ר: אָבער די פּיאָיקייט זיך צו באַ־הערשן און קאָנען אויסדויערן איז ביי זיי פאַראַן. זיי קאָנען אַלע מאָל האַלטן טאַקט.

שרייבער: אַ טעות. ניט אַלעמאָל. ווען אַ פרוי פאַרלירט זיך, איז זי מער פאַרלוירן ווי אַ מאַן. פרויען זיינען היסטערישע נאַטורן. ווי ווייט גייט אַ פרוי'ס לאָגיק? ביז אירע טרערן. פרויען ווערן רעגירט פון דעם בלינדן אינסטינקט. דערפאַר קאָנען זיי זיך ניט קאָנטראָלירן, ווען זיי ווערן אויפגערעגט. און וואָס איז אַ מענטש, וואָס קאָן ניט הערשן איבער זיינע ליידנשאַפטן? ער ווערט אַ שקלאַף פון זיין יעדן קאַפריז. ער קען זיך ניט שטעלן קיין ציל און קאָן ניט דורכפירן קיין באַשלוס. דאָס אליין איז אַ גענוג גרויסער שטער די פרוי זאָל זיך ניט קאָנען דערהויבן צו אַ הויכער מדרגה. אין אונזער דעגענערירטער צייט ווערט די פרוי וואָס אַמאָל נאָך מער צעטומלט און פאַרבלאָנדזשעט.

קריטיקער: פונדעסטוועגן איז דאָס לעבן פון דער היינטיקער פרוי מיט פיל מער צופרידנקייט ווי אַמאָל —

שרייבער: דאָס דאַכט זיך אייך נאָר אַזוי. ווייל זיי קאָנען זיך פאַרשטעלן, קוקט איר זיך צו זיי צו, דאַכט זיך אייך, אַז זיי זיינען אַזוינע גליקלאַכע און צופרידענע. זיי קאָנען זיך בלויז בעסער קליידן און פאַרקליידן. אָבער אונטער דער פאַרקליידונג טראָגן זיי אַן אומענדלאַכע ליידיקייט אין הארצן... מיין פריינט, פרויען קאָנען זיך בלויז אויסערלאַך העל פאַרבן — אָבער אין זיך פילן זיי אַזוי טונקל ווי מיר — — — אפשר נאָך טונקעלער... מיר האָבן זיך נאָך ניט צוגעקוקט צו זייערע ליידן. עס איז צו שווער. עס איז ניטאָ קיין גרעסערער אומגליק פאַר אַ מאַן ווי צו זען אַ פרוי אומגליקלאַך... דערפאַר, מיין פריינט, זיינען היינט פרויען מער ניט קיין פּראָבלעם בלויז פאַר אונז, מענער. די פרוי ווערט פּראָבלעמאַטיש פאַר זיך אַליין — — דערמיט הויבט זיך אָן איר אמתער טראַגיזם... די מלחמה מיטן מזל... דאָס

ראַנגלען זיך מיטן צופאַל... דער פאַרלוסט אָדער זיג איבער זיך... און דאָס אייביקע וויגן זיך צווישן פאַר־צווייפלונג און טרייסט...

קריטיקער: די הויפּט אורזאַך, פאַרוואָס די מאָדערנע פרויען פילן זיך ניט גוט איז, ווייל זיי האָבן ניט די זעלביקע געלעגנהייטן ווי מענער. די היינטיקע פרוי האָט זיך דערוואוסט דעם סוד, אַז אין שאַפן איז דאָ פרייד. און ווייל זי האָט ניט די געלעגנהייט צו שאַפן גלייך מיטן מאַן, איז זי דערפאַר אומרואיק און אומצו־פרידן. זי איז אייפערזיכטיק אויפן מאַנ׳ס אויפטואונגען, דאָס ווייזט, אַז דער ציל פון דער היינטיקער פרוי איז צו ווערן אַ פערזענלאַכקייט...

שרייבער: ווי אַזוי קאָן אַ פרוי ווערן אַ פער־זענלאַכקייט, אַז אויסער איר אינטים לעבן גייט איר קיין זאַך ניט אָן? דאָס אייביקע איז דער פרוי פרעמד. איר ציט בלויז צו דעם פאַרגאַנגלאַכן... דער דראַנג צום גייסטיקן שאַפן איז ביי איר זייער שוואַך. ניטשע איז גערעכט, ווען ער זאָגט אַז פרויען זיינען אַלעמאָל געווען פאַראינטערעסירט אין הויז, דאָך האָבן זיי קיין וויכטי־קע הויז פאַרבעסערונגען ניט געמאַכט. זייער גאַנץ לעבן פאַרנעמען זיי זיך מיט שפייז, און האָבן קיין איין וויכטיקע שפייז־ערפינדונג ניט געמאַכט. די פרוי קאָן ניט שאַפן, ווייל זי לעבט נאָך מיט דער פרימיטיווער אילוזיע וואָס קומט פון דעם אור־אינסטינקט.. אין דער טיף איז די פרוי אַ לעבעדיקער אַנאַכראָניזם, דערפאַר פילט זי זיך שלעכט.

קריטיקער: ווען די פרוי וועט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון קאָנען פאַראייניקן דאָס אוניווערסאַלע מיט איר אייגענעם לעבן, וועט זי דעמאָלט געפינען איר וועג...

שרייבער: ווי אַזוי קאָן זי פאַראייניקן דאָס אוניווערסאַלע מיט דעם פערזענלאַכן, אַז דאָס פאָדערט

אַן אַנטוויקלטן אינטעלעקט, און די פרוי איז דאָך אַ שונא פון אַלץ, וואָס איז אינטעלעקטועל. פרויען האָבן נאָך ניט קיין באַציאונג צו עכטער בילדונג. זיי ווילן אויף אַזוי פיל וויסן און קענען, כדי זיי זאָלן זיך ניט דאַרפן שעמען אין געזעלשאַפט. זיי האָבן ניט קיין ליבע צום אמת צוליב דעם אמת, זיי זיינען גע־בוירענע פראַגמאַטיסטן... זיי האָבן בלויז די נייגעריג־קייט צוליב אַ געוויסן צוועק. קיין ביכער האָבן זיי ניט ליב. פרויען וויסן נאָך ניט ביז היינטיקן טאָג נאָך וואָס מען דאַרף ביכער אויף דער וועלט, כאָטש זיי טוען נאָך די מענער און לייענען אויך ביכער: מיינסטנס אַזעלכע וואָס שפּילן אויף די סענטימענטאַלע נערוון... אָבער האָט איר געזען, אַז פרויען זאָלן לעזן ביכער וואָס מוסקולירן דעם אינטעלעקט?

ק ר י ט י ק ע ר: אפשר איז גאָרניט אַזוי נויטיק אַז די פרוי זאָל זיך אויסגלייכן מיט דעם מאַנ׳ס גייסטי־קע מוסקולן? די שיינקייט פון דער פרוי איז דאָך אין דעם, וואָס זי האָט גאַנץ אַנדערע מעלות ווי דער מאַן. אויב די פרוי איז אינטעלעקטועל שוואַכער, האָט זי אָבער מער אינטואיציע. זי איז אויך ווייניקער געניגט צו פאַר־ברעכן און האָט אין זיך דעם געפיל פון מוטערלאַכער פאַראַנטוואָרטלאַכקייט. דערפאַר, דענק איך, אַז אויב די פרוי וועט זיך אָנהויבן פאַראינטערעסירן מיט דעם וועלט־לאַכן לעבן, וועט די וועלט דערפון אַ סך געווינען... איך גלויב, אַז ווען פרויען זאָלן האָבן אַ דעה אין דער פּאָליטיק, וואָלטן זיי זיכער אָפּגעשאַפט די צוויי גרויסע וועלט פאַרברעכנס: טויט־שטראָף און מלחמה.

ש ר י י ב ע ר: עס הויבט זיך ניט אָן. זייער גרעסטע אומבאַהאָלפנקייט האָט מען גראָד געקאָנט זען אין דער צייט פון קריג. וואָס האָבן די פרויען געטאָן צו העלפן די מענער קעגן דעם וועלט וואַנזין? גאָרנישט. טייל פון זיי זיינען געוואָרן פּאַטריאָטן און געלאָזט פראַ־

סטימולירן זייער פראדוקטיוויטעט און פרויען פּראָדוקציע פאַר מלחמה צוועקן. טייל האָבן נאָכגעמאַכט די מענער און געמאַכט פרויען באַטאַליאָנען, זיך אָנגעטאָן אין מונ־דירן און זיך געשפּילט מיט ביקסלאַך. אַנדערע האָבן זייער מוטער אינסטינקט געשטעלט אין דינסט פון דעם מלחמה וואָנזין — געוואָרן מוטערס פון מלחמה קינדער — די איבעריקע האָבן געוויינט... אויף וויינען זיינען זיי קינצלער. וויינען איז זייער געניאַליטעט.

ק ר י ט י ק ע ר: וועגן דעם לעצטן בין איך מיט אייך איינגאַנצן איינשטימיק. ניטאָ קיין ערגערע טבע ביי פרויען ווי וויינען. זיי מאַכן דומפּיק די וועלט מיט זייע־רע אייביקע טרערן. קיין מאַן קאָן זיך פון זיי ניט אויסהיטן, ווי מען קאָן זיך ניט אויסהיטן פון טויט. מיין גאָט, די וועלט האָט דאָך אַזוי פיל טיראַניי, אָבער די ערגסטע איז די טיראַניי פון פרויען טרערן. דער היינטיקער פרוי פעלט זעלבסט דיסציפּלין. דער מאַן קאָן זי מער ניט דיסציפּלינירן, זי איז שוין צופיל אויסגע־וואַקסן דערפאַר. זי איז ווי אַ גרויס קינד וואָס לעבט צוזאַמען מיט די עלטערן, נאָר זיי האָבן מער ניט קיין איינפלוס אויף דעם קינד׳ס האַנדלונגען, ווייל דאָס גרויסע קינד דערציט זיך זעלבסט. די פרוי וועט אויך מוזן דערגיין צו זעלבסטדערציאונג. און דאָס וועט זי קאָנען, ווען זי וועט זיך דערווייטערן פון זיך און זיך דערנענ־טערן צו דער וועלט. דער מאַן דאַרף קומען נענטער צו זיך, ווייל ער איז שוין צו נאָענט צו דער וועלט.

ש ר י י ב ע ר: איך מיין, אַז איר האָט אַוועקגע־וואַנדערט מיט אייער פאַנטאַזיע צו ווייט. נאָך וואָס ריידן וועגן דער ווייטער וועלט, אַז דאָס נאָענטע איז נאָך ניט געלייזט. די פראַגע דאַרף ניט זיין די וועלט. די וועלט וועט זיך שוין אַן עצה געבן אָן אונז. וואָס אונז דאַרף אינטערעסירן, איז דער אינטימער מענטש: מאַן און פרוי. די איינציקע פרוי דאַרף זיך פריער אַליין דער־

לייזן. און אויב די פרוי וועט זיין דערלייזט, וועט אויך די וועלט דערלייזט ווערן.

קריטיקער: שטעלט אייך פאר, ווען די וועלט זאל האבן אזעלכע שיינע און געזונטע פרויען ווי פריינדין פרייד — איר ווייסט, איך האב זיך שוין באלד אין איר פארליבט... ווי אזוי קומט איר צו איר?

שרייבער: וואס מיינט איר, מיינע אויגן זיינען קליינע עסטעטן?

קריטיקער: די אויגן זעען גארניט — נאר דאס הארץ...

שרייבער: הע, איך האב מורא, אז מיר וועלן נאך גיין אויף א דועל. איר ווערט מיר א צו גוטער קריטיקער. יא, וועגן וואס האבן מיר גערעדט?

קריטיקער: ווען מען גייט עס אן וועגן וואס מיר האבן גערעדט, דא זיינען מיר געקומען צו דעם שווערסטן פראבלעם!..

שרייבער: אנטקעגן וואס?

קריטיקער: אנטקעגן איר — יעדע שיינע פרוי איז דאס גליק און אין דער זעלבער צייט דאס אומגליק פון יעדן מאן. יעדער מאן וויל פאר זיך די שענסטע פרוי... אבער —

שרייבער: (באאומרואיקט) איר זענט מיר עפעס געווארן צו ערנסט... ווען איך וואלט געווען אן עגאָ־איסט, וואלט איך אנדערש געהאנדלט — — נאר איך האלט, אז מען דארף זיין א מענטש אפילו ווען עס האנדלט זיך וועגן א שיינער פרוי... דאס גרעסטע אין א מענטשן איז קיינמאל ניט צו פארגעסן זיין מענטשלאכ־קייט... קומט, לאמיר גיין ברענגען גוטע זאכן, זי וועט אודאי באלד קומען.

קריטיקער: אפשר זאל איך אוועקגיין?

שרייבער: איר וועט היינט פארברענגען מיט אונז. זייט נאר א מענטש.



האַלצשניט — זוני מאוד

# שרייבער און קריטיקער

(דער קריטיקער און דער שרייבער קומען פון גאַס מיט איינגעקויפטע זאַכן)

קריטיקער: זעט נאָר וואָס פאַר אַ שיינע אַראַנזשען און עפּל. זאָגט, בין איך ניט קיין מבין אויף פּרוכט? איך קריג אַלעמאָל די בעסטע. איר האָט אַ קליאַש? אַנו, לאָמיר ווייזן אַז מיר זיינען עסטעטיקער אפילו אין קלייניקייטן, אין אַזאַ קלייניקייט ווי אויס־שטעלן שיין אַ טיש. וואָס וואָס, פאַר דרויסנדיקער שיינ־קייט האָבן פרויען אַ געפיל. זיי האָבן ליב אַלץ זאָל זיין פּינקטלאַך, דעקאָראַטיוו, אַזוי צו זאָגן.

שרייבער: איך האָב מורא אַז אין דעקאָראַ־ציע זיינען זיי אָפטמאָל צו פּינקטלאַך...

קריטיקער: זייער איינציקע טעכניק — איר האָט גלעזער פאַר'ן וויין?

שרייבער: גרויסע גלעזער. מיר וועלן היינט מאַכן אַ היפּשן לחיים. הלואי איז זי שוין דאָ. ווייסט איר וואָס, לאָמיר אפשר נעמען צו ביסלאַך איידער זי קומט?

קריטיקער: זי וועט אודאי באַלד אָנקומען.

שרייבער: ווער ווייס ווי לאַנג עס וועט גע־דויערן, דאָס האַרץ דערוויל ציט — נעמט אַ גלאָז.

קריטיקער: ס'איז אפשר אַ פּלאַן. מען וועט זיך דערוויל אַביסל דערוואַרימען. אָ, ווען מען וואָלט דאָס האַרץ געקאָנט אַלעמאָל פאַרשכורן!

שרייבער: נו, האָט איר אַ צושפּרוך צום לחיים?

קריטיקער: הלואי וואָלטן מיר זיך מיט אַלע גוטע זאַכן געקאָנט אַזוי לייכט צעטיילן ווי מיטן ווייַן.

שרייבער: האַ, וואָס מיינט איר? דאַכט זיך זי גייט, איך הער טריט.

קריטיקער: עס דאַכט זיך אייך אויס. זי האָט אפשר איינגאַנצן אָן אייך פאַרגעסן —

שרייבער: זי האָט דאָך צוגעזאָגט —

קריטיקער: האַלט זי דען אַלעמאָל וואָרט?

שרייבער: זייערע קליינע צוזאָגן האַלטן זיי.

קריטיקער: נאָר זיי נאַרן אונז אין גרויסע זאַכן?

שרייבער: נו, איר מיט אייערע חשד'ן. נאָך וואָס אַלעמאָל פאַרדעכטיקן? אַ שלעכטע געוואוינהייט ביי אייך, קריטיקער, צו מיסטרויען. איידער אַ מענטש האָט אייך אָפּגענאַרט דאַרפט איר אים גלויבן. זי וועט אודאי באַלד אָנקומען.

קריטיקער: אַ שאָד וואָס מיר האָבן מיט איר ניט באַשטימט פּינקטלאַך די צייט.

שרייבער: וואָס זענט איר אַזוי אומגעדולדיק? דערווייל האָבן מיר דאָך גוטע זאַכן, ווועלן מיר טרינקען און נאַשן און פּלאַפּלען וועגן ליטעראַטור, וואָס איר האָט אַזוי ליב.

קריטיקער: ווען מען איז פאַראינטערעסירט אין אַ לעבעדיקן מענטשן איז די ליטעראַטור טויט-לאַנג-ווייליק...

שרייבער: לאַנגווייליק? דאָ ווער איך שוין ברוגז. איך האָב זיך ניט געריכט, אַז איר זאָלט עס זאָגן. ליטעראַטור איז קיינמאָל ניט לאַנגווייליק, עס ווענדט זיך נאָר וואָס פאַר אַ ליטעראַטור. אויב עס האַנדלט זיך וועגן קלייניקייטן איז לאַנגווייליק, אָבער וועגן גרויסע זאַכן, וועגן אייביקע פּראָבלעמען, איז ליטעראַטור זייער אינטערעסאַנט. — ביי דער געלעגנהייט וואָלט איך

אייך טאקע געוואָלט פרעגן: פאַרוואָס האָט איר אין אייער בוך געשריבן וועגן אַזעלכע קליינינקייטן ווי עסן און קליידער? ווער דאַרף וויסן ווי אַזוי אַ שרייבער וואוינט, און צי אַ דיכטער גייט מיט אַ שטעקן?

קריטיקער: אויב עס גייט אייך ניט אָן, דאַרף אייך אָנגיין. קליינינקייטן זיינען אינטערעסאַנט אין לעבן און אויך אין דער ליטעראַטור. אַלגעמיינקייטן האָבן ניט קיין אינערלאַכן ווערט. אַ דורכזיכטיק זעענדיקער מענטש רעדט ניט מיט גענעראַליזאַציעס — כאָטש דאָס אַליין איז אַ גענעראַליזאַציע וואָס געפעלט מיר ניט זייער שטאַרק — מען דאַרף אין דער ליטעראַטור צוריק אָנהויבן פון רעאַלע איינצלהייטן, פון מיקראָסקאָפּישע קליינינקייטן, און פון די גאַנץ געוויינלאַכעווירקלאַכקייטן שאַפן אַ שפּיגל פון אונזער לעבן. פאַרוואָס גייט אייך ניט אָן וואָס דיכטער עסן? עסן האָט ניט קיין קליינע ווירקונג אויפ׳ן מענטשנס כאַראַקטער. צי אַ דיכטער גייט מיט אַ שטעקן, איז פאַר אייך ניט אינטערעסאַנט? פאַרוואָס? איך וועל אייך זאָגן. דאָס איז דערפאַר ווייל איר האָט ניט קיין אינטערעסאַנטע פאַנטאַזיע אים צו זען אינטערעסאַנט. שטעלט אייך פאָר ווען אַ פּאָעט שרייבט אויף אַ ליד וועגן אַ גרויסן דיכטער, וואָס גייט איינזאַם אַרום איבער די גאַסן, און זיין איינציקער, אינטימער פריינט איז זיין שטעקן... וואָלט אייך דאָס ניט געווען אינטערעסאַנט? איר וואָלט דאָס גערופן אַ ליד, פאַרוואָס? ווייל דער פּאָעט וואָלט אייך געמאַכט זען דאָס געוויינלאַכע מיט זיין וויזיאָנערישער פאַנטאַזיע... אָבער פאַרוואָס זאָלט איר אַליין ניט זיין פּאָעטן און זען אַז דאָס גרויסע ליד איז דער דיכטער אַליין מיט זיין פריינט, וועמען ער נעמט מיט, וואו נאָר ער גייט?...

שרייבער: איר פאַרפּלאָנטערט זיך. איר דרייט מיט ווערטער, וויזיאָנערישע פאַנטאַזיע — אַ, מיר דאַכט זיך, אַז איר פאַנטאַזירט צופיל פאַנטאַזיעס.

קריטיקער: איך פאנטאזיר ניט קיין פאנטא־זיעס, נאר איך לעב מיט פאנטאזיע. און אזא לעבן איז טאפל אינטערעסאנט.

שרייבער: איר לעבט אין טעות. דאס ווירק־לאכע לעבן איז פיל אינטערעסאנטער ווי אלע פאנטא־זיעס און נויטיקט זיך ניט אין קיינע באפוצונגען, אויב איר קענט נאר לעבן קינסטלעריש. און איר, ניט קינסט־לער וואס איר זייט, מוזט זיך אלעמאל אויפהויבן אי־בער דעם לעבן, אויסקלערן ניט געשטויגענע און ניט געפלויגענע זאכן. אט האט איר אויפגעשריבן א גאנץ בוך וועגן נאך ניט געווארענע קינסטלער, און ווער ווייסט צי וועלן זיי אמאל ווערן — מענטשן אן אן אייגענעם וועג, אן אן אייגענעם בליק, און ווער ווייסט צי וועלן זיי דאס אמאל האבן. צו וואס שרייבן וועגן יונגע מענטשן, וואס האבן נאך גארניט באוויזן, — פאר וועלכע איר דארפט צוטראכטן טאלאנט? האבן מיר ניט שריי־בער מיט אנטפלעקטע טאלאנטן?

קריטיקער: אנטשולדיקט, איר האט פארלארן אייער חוש פאר יוגנט. די יוגנט איז רייצנדיק, — אין לעבן ווי אין דער ליטעראטור. עס זיצט אין קאפע אן עלטערע דאמע, זי איז גוט באלעזן, האט א סך דערפארונג פון לעבן, דאך גייט קיינער צו איר ניט צו. ביי אן אנדער טישל זיצט א יונג מיידל, זי ווייסט נאך זייער ווייניק וועגן לעבן, און נאך ווייניקער וועגן קונסט, דאך ציען זיך אלע צו איר, סיי די יונגע, סיי די אלטע. זי זאגט ניט קיין וויצן, זי בליצט ניט מיט קיין חכמות, זי שענקט בלויז א שיינעם שמייכל מיט אירע שיינע ליפן, און דאס איז דאס שענסטע ליד... זי רייצט אלעמען מיט איר יונגקייט — וואס דאס יונגע מיידל ביים טיש, איז דער יונגער שרייבער אין דער ליטעראטור — אלטקייט שטויסט אפ. טראגיש! אבער אזוי איז דאס. ווען א שרייבער ווערט אלט, ווערט

ער אָפּטמאָל ניט רייף, נאָר האַלב טויט, דרייט זיך אַרום זיין אייגענעם שאָטן... דערפאַר קען מען פון אַלטע שרייבער אָפּטמאָל ווייניק דערוואַרטן. די האָפנונגען וואָס די אַלטע האָבן ניט דערפילט טראָגן מיר אַריבער אויף דער יוגנט...

שרייבער: וואָס טויגן אַלע רייד, עס וועט אייך ניט העלפן. זיי זיינען דאָך דילעטאַנטן.

קריטיקער: גיט נאָר ניט אַריין אין דעם וואָרט קיין שלעכטן זין —

שרייבער: און אפילו אין דעם בעסטן זין, וואָס זיינען דילעטאַנטן?

קריטיקער: איך מיין אַז זיי זיינען אינטערעסאַנטער ווי פּראָפעסיאָנעלע שרייבער. ניט פּראָפעסיאָנעלע שרייבער זיינען ערנסט, זיי באַפרוכפּערן די ליטעראַטור, זיי האָבן ליב די קונסט און זוכן אַלעמאָל דאָס אומבאַקאַנטע... ווייל זיי זיינען זיך אַליין אומבאַקאַנט — וואָס קאָנט איר ערוואַרטן פון אַ שרייבער וואָס ווייסט שוין זיין יעדן קער און ווענד?

שרייבער: איר קאָנט אָבער קיינמאָל ניט וויסן וואָס פון אַ יונגן שרייבער קען ווערן. וויפיל זיינען ביי אונז געקומען, געגעבן אַ שיין, און פאַרשוואונדן ווי אַ בליץ אין דער נאַכט? וועגן יונגע שרייבער איז אַ געפאַר צו שרייבן, און איר, קריטיקער, דאַרפט ספּעציעל פאָרזיכטיק זיין, איר קאָנט שפּעטער חרטה האָבן אויף דעם, וואָס איר האָט וועגן זיי געזאָגט.

קריטיקער: שרעקט מיך נאָר ניט מיט קיין חרטה. די שרייבער, אַרום וועלכע איך האָב געשאַפן אַ גרויסע ראַם זיינען אויסגעוואַקסן לויט דער גרויס פון זייער פאַרנעם. די, ווידער, וואָס זיינען געבליבן הינטערשטעליק, וועלן פאַרגעסן ווערן, און די ראַם וועט בלייבן אַ גוטער אנדענק. אָבער לאָמיר אנעמען אַז קיין איינער פון זיי וועט ניט דערפילן מיינע האָפנונגען,

איז אויך ניט קיין געפאַר. אַ מענטש דאַרף קענען ריכטיג האַנדלען אין דער צייט, ווען עס איז נויטיק, און ניט מורא האָבן פאַר אַנטווישונגען. ווייל אויב מיר זאָלן ניט איינשטעלן, ווי אַזוי וואָלטן מיר געקענט עפּעס דורכפירן? — איך מיין אַז אויף יונגע שרייבער לוינט זיך צו שפּעקולירן. אַז מען ריזיקירט אין לעבן, פאַרוואָס זאָל מען מורא האָבן צו ריזיקירן אין דער קריטיק? וואָס קאָן דאָ זיין? מען קען פאַרלירן? קען מען דאָך אָבער אויך געווינען. און דאָס ריזיקירן גופא איז אַ פיינער ענין פאַר זיך — —

שרייבער: אָבער דאָס איז דאָך קינדער שפּילעריי!

קריטיקער: זאָל זיין קינדער שפּילעריי, אַבי שפּילן! די פיינקייט פון דעם שפּיל איז, וואָס מען שרייבט דערווייל וועגן דעם וואָס איז פריש, יונג, לעבעדיק און וואָס אינטערעסירט אויף אַן אמת... ווען דער אמת פאַרוואַנדלט זיך מיט דער צייט אין אַ ליגן, איז אויך ניט קיין אומגליק. אַזוי איז דאָס מזל פון אַלע מענטשלאַכע אמת'ן.... אָבער ווען דער אמת איז יונג און פריש דאַרף מען פון אים הנאה האָבן. ערשט ווען ער ווערט אַלט, דאַרף מען זיך פון אים באַפרייען, ווי פון אַן אַלטן אָפּגעטראָגענעם בגד... אפילו דער ליגן ווען ער איז אינטערעסאַנט און לעבעדיק, איז מער אנציענדיק ווי דער אמת, ווען ער איז אַלט. וועמען אינטערעסירן אַלטע אמתן? נייע ליגנס ברענגען נייגיריקייט און רייץ... אין די אַקאַדעמיעס לערנט מען וואַרהייטן ווען זיי זיינען שוין טויט! ווען קאַרל מאַרקס' לערן זיינען נאָך געווען יונג, האָבן די פראָפעסאָרן וועגן זיי ניט געוואָלט הערן. ווען זיי זיינען שוין געוואָרן אַלט, שאַבלאָן און פאַלש, האָט מען זיי ערשט גענומען קייען אין די אוניווערזיטעטן.

שרייבער: אָבער וואָס רעדט איר מיט אַזוי

פיל לײדנשאַפֿט, מיט אַזױ פיל האַרץ? אַ קריטיקער דאַרף זיך באַפֿרײען פֿון לײדנשאַפֿטן און האַרץ־אימפּולסן. ער דאַרף בלױז טראַכטן מיט׳ן קאַלטן שכל, ער זאָל קענען פּינקטלעך אורטײלן.

קריטיקער: איר האָט אַ טעות. דער קרי־טיקער דאַרף ניט טראָגן קײן גאַרטל אָפּצוטײלן דאָס האַרץ פֿון דעם קאָפּ. העלפֿט דען ניט דאָס האַרץ דעם קאָפּ בעסער צו פֿאַרשטײן דאָס לעבן? און װער װײסט, אפֿשר טראַכט דאָס האַרץ טיפֿער װי דער מח?

שרײַבער: אײַ, מיט אײַך קריטיקער איז שװער צו רײדן. אַז אױף אַלץ האָט איר גרײט אַן ענטפֿער. אַז איר װילט זאָגט איר אַזױ, און אַז איר װילט — פּונקט אַזױ װי פֿריער... איר נוצט אײַערע געדאַנקען אױף אַלע זײַטן... עס פֿאַרדריסט מיך גאָר װאָס איך האָב מיט אײַך אָנגעהױבן דעם שמועס. איך פֿרעג אײַך נאָכאַמאָל: נאָך װאָס דאַרף מען איבערהױפּט קרי־טיקער? אויב פֿאַר דער ליטעראַטור איז נױטיק קרי־טיק, זײַנען דאָך שרײַבער אַלײן די בעסטע קריטיקער.

קריטיקער: האָט איר װידער ניט געטראָפֿן. שרײַבער זײַנען לױט זײער טבע די ערגסטע קריטיקער.

שרײַבער: (שפּרינגט אויף) לאָמיר הערן, פֿאַר־װאָס?

קריטיקער: פֿאַרװאָס? באַלד װעט איר הערן. נאָר רואיק. איר װעט דאָך צוגעבן אַז יעדער שרײַבער איז דערפֿאַר אַ שרײַבער, װײַל ער האָט זײַנע אידײען און זײַנע שאַפֿונגס מעטאָדן, און ער איז איבערצײַגט אַז נאָר זײַנע אידײען און זײַנע מעטאָדן זײַנען די ריכטיקע. און ס׳איז אפֿשר גוט אַזױ. אין דעם איז זײַן כח. און װען ער איז אױפֿריכטיק קען ער ניט אָנערקענען קײן אַנדערע װערק אױסער זײַנע אײגענע. הײסט עס, אַז ער קען נאָר אָנער־קענען אַזעלכע װאָס שרײַבן אַזױ װי ער — אָריגינעלע

שרייבער, אַזעלכע וואָס שרייבן **אַנדערש** ווי ער, קען ער ניט אָנערקענען און ניט פאַרשטיין... און אַז ער פאַרשטייט זיי אַביסל, האַלט ער פון זיי ניט. ווייל ער איז איבערצייגט אַז זיי גייען אויף אַ פאַלשן וועג. אַז ניט, וואָלטן זיי דאָך געשריבן אַזוי ווי ער — ? — און דאָס וואָלט געווען אמת'ע קונסט — — אָבער זיי וואָלטן געווען נאָכמאַכער — דערפאַר איבעריק.. זעט איר שוין, וואָס ס'איז גוט פאַר'ן שרייבער איז שלעכט פאַרן קריטיקער. אַביישפּיל, דער גרויסער שרייבער טאָלסטאָי — דער ערגסטער קריטיקער. איר געדענקט דאָך זיינע נאַאיווע פּרעטענציעס צו שעקספּירן?

**שרייבער:** איך פאַרשטיי נאָך אַלץ ניט. איר ווייזט מיר אַז דער שרייבער קען ניט זיין אומפּאַרטייאיש. אַז ער איז איינזייטיק, אָדער ריכטיקער, **איך־זייטיק**. איר דאַרפט אָבער ניט פאַרגעסן אַז אין דער אמת'ן קען קיין מענטש ניט זיין אומפּאַרטייאיש. **יעדער מענטש איז אַ פּאַרטיי פאַר זיך**. און אַ קריטיקער איז אויך אַ מענטש... און פּונקט אַזוי איינזייטיק.

**קריטיקער:** איר האָט ניט געכאַפּט. איך וויל איר זאָלט מיך פאַרשטיין. דער שרייבער איז אַ מענטש נאָר מיט זיך אַליין, **דער קריטיקער איז אַ מענטש מיט יעדן מענטשן**... דער שרייבער איז ניט נאָר איינזייטיק, נאָר אויך איינמעטאָדיק, איינאידייאיק און איינמוסטערדיק. בלויז דער קריטיקער איז פריי אויפצונעמען אַלע פאָרמען, אַלע מעטאָדן, און אַלע אידייען. ער גייט צו אָן פאָראורטייל צו אַלע מוסטערן און אַלע ווערטן. דער קריטיקער איז ווי אַ דיריגענט אין אַן אָרקעסטער: כאָטש ער שפּילט ניט אַליין אויף אַלע אינסטרומענטן, הערט ער אָבער אַלע זייערע טענער, קען זיי ברענגען אין אַ האַרמאָניע,

— און שאפן א גאנצע סימפאניע. נו, וואס ענטפערט איר ניט?

שרייבער: אך, לאזט מיך געמאך, מיט אייערע דריידלאך, הערט זיך איין, דאכט זיך, זי קומט. אט איז זי. געווארט און געווארט און זיך דאך דערווארט...

די דאמע: איבערגעשלאגן אייך?

קריטיקער: (דערפרייט) איר זענט פונקט אין צייט. מיר וואלטן קיינמאל ניט געענדיקט.

די דאמע: זעט נאר וואס דא טוט זיך! אזוי ווי אויף א חתונה! און איר האט די גאנצע צייט גערעדט, זייער גוט, אז ניט וואלט איר אויפגעגעסן די אלע גוטע זאכן —

קריטיקער: איר האט א טעות, די גוטע זאכן האב איך געבראכט צוליב אייך... ער ברענגט פאר אייך דאס טעלערל פון הימל, און איך אראנזשן מיט וויין.

די דאמע: (שפאסיק) צוליב מיר?

שרייבער: ער הויבט שוין ווידער אן... אים לאזט נאר ריידן... לאמיר זיך נעמען צו דער עבודה. איר טרינקט ווייסן וויין? מיר וועלן צום ערשטן נעמען צוביסלאך קאניאק. דאס געזעץ פון די פאראייניקטע ש—ווטים ערלויבט טאקע ניט, אבער מיר זיינען דאך אידן, מיר האפן צו האבן א לאנד מיט אייגענע געזעצן. אנטימשקהיזם איז אפשר נויטיק פאר די גוים, וואס האבן בייזע בלוטן, דער ביטערער טראפן מאכט זיי נאך בייזער. אבער אידן, מיט פרומע, גוטע, שטילע הערצער און שטארקע קעפ, האבן קיינמאל ניט געליטן פון שיכרות. וויפיל א איד זאל ניט טרינקען וועט ער זיך ניט וואלגערן אין די גאסן. א איד טרינקט ניט צוליב שיכרות, נאר צוליב פרייד — —

קריטיקער: בראווא! איך טרינק פאר מאדאם פרייד!

די דאַמע: איך טרינק פאַר דער פרייד פון אַלע מענטשן!

שרייבער: און איך, פאַר דער גרויסער פרייד פון אונזער גאַסט... נו, פריילאַך זאָל זיין!

(אַ ווײַלע הערט זיך די שטילקייט. דערנאָך דאָס קלאַפּן פון טעלער און לעפל. באַלד ווערט שטיל און אומבאַקוועם.)

שרייבער: זינגט עפּעס. אָדער לאָמיר זינגען אַ ליד וועט ווערן אַ שטימונג.

די דאַמע: וואָס פאַר אַ ליד זאָלן מיר זינגען, אַז עס זיינען דאָ אַזויפיל פאַרשיידענע לידער? —

שרייבער: לאָמיר זינגען: „היינט וועלן מיר זיך באַנייען".

(ער זינגט און מאַכט נאָך די האַוואַיעס פון אַ חסיד)

היינט וועלן מיר זיך באַנייען,
אוי, היינט וועלן מיר זיך באַ-
נייען:
אַ גאַנצע וואָך האָרעוועט מען
דאָך,

שבת מוז מען—

קריטיקער: (כאַפּט אונטער)

קייען!!!

שרייבער: „לייען!" איר קענט דאָך ניט.

די דאַמע: דאָס איז די צרה וואָס ניט יעדער קאָן זינגען דאָס זעלבע ליד —

שרייבער: (זינגט ווייטער)

לייען, לייען! לייען!
לייען זאָל מען ניט באַ-
דאַרפן——

נו, וואָס העלפט איר ניט?

קריטיקער: אַז עס זינגט זיך ניט, דאַרף מען ניט. די פרייד דאַרף מען ניט צווינגען. זי דאַרף

קומען פרייוויליק — אַז ניט פאַרוואַנדלט זי זיך אין טרויער...

שרייבער: נעמט צום וואוילזיין! ניט גע־שלאָפן. לעבעדיק!

קריטיקער: וואָס דאַרפן מיר זוכן פרייליכקייט, מיר האָבן דאָך די פרייד מיט אונז... איר זענט דאָך מאַדאַם פרייד!

(ער כאַפּט זי אַן ביי די הענט.)

די דאַמע: לאָזט אָפּ מיינע הענט... מען דאַרף זיך פרייען מיט׳ן האַרץ — —

קריטיקער: איר האָט געטראָפן. איך פריי זיך טאַקע מיט׳ן האַרץ. אָבער הענט זיינען וואונדער־לאַכע פאַרמיטלער צווישן צוויי — איר האָט אַזעלכע שיי־נע הענט —

(ער דערפילט דעם שרייבערס בליק.)

נאָר וואָס איז צו ריידן... איר האָט געזען ראָדענ׳ס הענט?

די דאַמע: ראָדענ׳ס הענט זיינען רואיק...

קריטיקער: רואיק פון צופיל אומרואיקייט...

שרייבער: איך מיין אַז ס׳ווערט לאַנגווייליק פון אייערע ווערטלאַך. לאָמיר ריידן וועגן אינטערעסאַנטע זאַכן.

די דאַמע: פאַרוואָס נאָר ריידן אינטערע־סאַנט? פאַרוואָס זאָלן מיר ניט זיין אינטערעסאַנט אויף אַן אַנדער אופן? זיינען דען ווערטער די איינציקע מיטלען אַרויסצואווייזן די מענטשנס באַציאונגען? נשמות אַליין דאַרפן זיך באַרירן —

שרייבער: מיר קאָנען אַנדערש ניט זיין גע־זעלשאַפטלאַך ווי מיט ווערטער.

קריטיקער: דאָס וואָס מיר מוזן כסדר אָנ־האַלטן אַ געשפּרעך ווען מיר קומען זיך צוזאַמען, באַ־ווייזט אַז מענטשן האָבן נאָך ניט קיין צוטרוי איינע צו

די אַנדערע. נאָך ניטאָ קיין האַרמאָניע צווישן מענטש און מענטש. אפילו צווישן פריינט... מיר קומען זיך צוזאַמען ווייל אונז איז שווער אַלעמאָל צו זיין אַליין — ווייל מיר נויטיקן זיך אין קעגנזייטיקער געזעלשאַפט־לאַכקייט. ווייל מיר האָבן פאַרשידענע נויטיקע און אומ־נויטיקע באַציאונגען. אָבער טיף אין דער נשמה האָבן מיר נאָך ניט קיין גלויבן איינער אין אַנדערן — גלייך ווי מיר וואָלטן געווען אייביקע קאָנקורענטן... נאָך ערגער ווערט מען אין דער גרויסער שטאָט, וואָס רויבט פון אונז די זון, די צייט, די רו און צווינגט שטענדיק זיך צו איילן; אין דער גרויסער שטאָט זעט מען צופיל מענטשן, צו קענען זיין מיט זיי אינטים — — דאַכט זיך, אַ פּאַראַדאָקס: וואָס מער באַקאַנטע מען האָט, אַלץ ווייניקער קען מען זיי... און וואָס גרעסער די געזעלשאַפט, אַלץ ווייניקער געזעלשאַפטלאַך איז מען...



# ליבע און טויט

שרייבער: וואָס איז מיט אַמאָל אַזוי שטיל גע־וואָרן? איז שוין ניטאָ מער וואָס צו זאָגן איינער דעם אַנדערן? איך דענק, מיר האָבן זייער פיל צו זאָגן, נאָר מיר וואָגן ניט... לאָמיר אָנהויבן אַ נייעם געשפּרעך. קריטיקער, גיט אַ טעמע.

קריטיקער: אַ טעמע? אַלע טעמעס זיינען אַלט און באַנאַל. לאָמיר ריידן וועגן טויט. דער טויט איז די אייביקע טעמע.

די דאַמע: איך האָב פיינט, מען רעדט וועגן טויט. קיין זאַך האָס איך אַזוי ניט ווי דאָס זינלאָזע שטאַרבן. לאָמיר ליבערשט ריידן פון לעבן.

קריטיקער: אַ מענטש וואָס טראַכט בלויז וועגן לעבן, און וואָגט ניט צו דענקען וועגן טויט, איז ניט קיין עכטער דענקער. אַן אמת׳ער דענקער מוז האָבן די פייאיקייט אַרומצונעמען דעם גאַנצן אמת. דער אמת לאָזט זיך ניט צעשפּאַלטן אין צווייען. צו באַרעכענען דאָס לעבן, און אויסלאָזן פון חשבון דעם טויט, מיינט אָננעמען אַ האַלבן אמת. מיינט, אויסלאָזן אַ גרונט־זייל פון דער וועלט מיסטעריע. איר קוקט אויפ׳ן טויט ווי אַ פרוי. די פרוי איז די מוטער פון לעבן, גיט געבורט צום לעבן, דערפאַר אידעאַליזירט זי דאָס לעבן, און דער־מוטיקט צום לעבן. די פרוי זוכט נאָר אויפצוהאַלטן, ניט צו צעשטערן. און אויב זי קאָן דאָס ניט טאָן אין דער ווירקלאַכקייט, טוט זי עס אין דער פאַנטאַזיע. איר גאַנץ לעבן דרייט זיך אַרום דער ליבע, אַרום דער שאַפונג, מערסטנס ניט באַוואוסט פאַר זיך אַליין... איך וויל דער־מיט ניט זאָגן אַז זי דענקט אויבנאויפיק. די פרוי דענקט מער מיט׳ן האַרץ ווי מיט׳ן שכל...

שרייבער: איז דען דאָס האַרץ ניט טיפער ווי דער שכל? דער שכל איז אַנאַליטיש און טעאָרעטיש, ער איז קענען לעבן און ליבן. און צו לעבן און קענען אויסלעבן די ליבע, דאַרף מען אויפהערן רעזאָנירן. דער שכל וויל אין אַלץ זען אַ שכל׳דיקן זין, און דאָס לעבן איז אפשר אָן אַ זין — דאָס לעבן איז ל ע ב ן... זאָל זיין זינלאָז לעבן, פאַרצויבערט מיט אַן אילוזיע. פאַר דער פרוי איז דאָס געניגנ. ווייל פאַר איר עקזיסטירט נאָר לעבן, זי זעט ניט דעם טויט.

די דאַמע: ווער האָט אייך געזאָגט אַז מיר זעען ניט דעם טויט? מיר זעען אים מער פאַר אייך. נאָר מיר איגנאָרירן אים, און זוכן צו פאַרגעסן. מיר זיינען צופיל פאַרנומען מיט׳ן לעבן מיר זאָלן זיך פאַראינטערעסירן אין טויט. מיט יעדן געבורט וואָס קומט אויף דער וועלט, שטאַרבט אָפּ דער טויט — —

קריטיקער: איר וועט דאָך אָבער צוגעבן אַז אַלץ דרייט זיך אַרום דעם פּראָבלעם פון דעם שרעקלאַכן אומבאַקאַנטן. איר קאָנט זיך פון אים ניט באַפרייען. ער איז אַלעמאָל מיט אונז און היט אונזער יעדן טראָט. אַלץ ווערט אַלט און פאַרגייט, נאָר דער טויט איז אומפאַרגאַנגלאַך...

שרייבער: דאָס איז דאָך וואָס מאַכט מיך אַזוי אומרואיק. גיט מיר אַזאַ אידייע וואָס זאָל מיך באַפרייען פון טויט, און איך גיב אייך אַוועק מיין לעבן.

קריטיקער: איר האָט דען עטלאַכע לעבנס, וואָס אַ לעבן איז ביי אייך אַזוי וואָלוול? אַלץ מעג אַ מענטש אַוועקגעבן פאַר אַן אידייע, נאָר ניט זיין לעבן.

די דאַמע: איך מיין אַז איר זענט שוין שיכור. ניט איר רעדט, פון אייך רעדט אַרויס דער וויין.

קריטיקער: איך האָב נאָך קיין סך וויין ניט געטרונקען. איך פאַרליר ניט מיין באַוואוסטזיין וויפיל

איך זאָל ניט טרינקען. אויב איך בין אמאָל שיכור איז דאָס פון פרייד אָדער פון פאַרצווייפלונג.

שרייבער: דאָס איז געמיינט סימבאָליש?

קריטיקער: נעמט עס ווי איר ווילט... אָבער איר דאַרפט ניט מיינען אַז איך בין ניט ביים זינען, ווען איך ווילריידן וועגן דעם זין פון טויט. הלואי וואָלטן מענטשן מער גערעדט און געדענקט וועגן טויט, וואָלטן זיי מער געשעצט דאָס לעבן... ווייל דער טויט איז דער צווייטער פאָל פון לעבן. אויף אַזוי פיל וויפיל דער מענטש זוכט די מיסטעריע פון טויט, אויף אַזוי פיל דער־גייט ער צו דעם ווערט פון לעבן... וואָס גיט אונז דער פאַלש־איינגערעדטער אָפּטימיזם? ער נאַרט אונז אַריין שטילערהייט אין זאַק פון טויט ווי טויבע און בלינדע. ווען דער מענטש זאָל איינזען די אומבאַרעכטיקטקייט פון טויט, וואָלט ער ערשט דערגאַנגען צו דער גערעכטיג־קייט פון לעבן. אונזער גאַנצע עטיק וואָלט זיך געמוזט ענדערן. די ערשטע זאַך וואָלט מען אָפּגעשאַפט טויט־אורטייל. ווייל עס איז ניטאָ קיין גרעסערער פאַרברעך ווי איין מענטש זאָל שכל׳דיק קאַלט אַרויפצווינגען דעם טויט אויף אַ צווייטן. און וואָס איז מלחמה, מער ווי אַ פעלקער־טויט־שטראָף?... און די אַלע שטראָפן וואָס די עלטערן טיילן אויס זייערע קינדער, זיינען זיי דען ניט אַ רעזולטאַט פון דער טעמפּקייט און אומוויסנקייט וועגן דער געהיימעניש פון שמערץ און טויט? גייט דען ניט אָן אַ מלחמה טאָג איין און טאָג אויס צווישן די שטאַרקע, זעלבסטהערשנדיקע עלטערן און די שוואַכע אומבאַהאָלפענע קינדער? וועלכע מוטער וואָלט געהאַט אַ האַרץ צו שלאָגן איר קינד, ווען זי וואָלט געהאַט אין זינען אַז איר קינד איז זיין גאַנץ לעבן פאַראורטיילט צום טויט? זינט דער מינוט וואָס עס איז געבאָרן מוז עס האַלטן אין איין אָפּשטאַרבן, און יעדע מינוט וואַקסט עס אין טויט אַריין?... אונזער גאַנצע דערציאונג וואָלט

זיך דאָן מוזן ענדערן. אונזערע אידעאַלן וואָלטן געוואָרן אַנדערע. אפילו אונזערע היינטיקע סעקסועלע פאַרהעלטע־נישן וואָלטן זיך געביטן. יאָ, אויב די מענטשן וועלן אַמאָל דערגיין צו אַ בעסערער באַציאונג צום לעבן, וועט עס זיין דורך אַ טיפערער פאַרשטענדעניש פון טויט...

די דאַמע: איך דענק אַז אַ מענטש דאַרף אַזוי לעבן, אַז ער זאָל גאָר ניט געדענקען אַז ס'איז דאָ אַ טויט אויף דער וועלט.

קריטיקער: פאַרקערט. דעם טויט דאַרף מען אַלעמאָל געדענקען. אונזערע חכמים זיינען דערמיט געווען גערעכט. ווען מענטשן זאָלן אַלעמאָל טראַכטן וועגן פאַרגיין, וואָלטן זיי געוואָרן דיכטער אין לעבן... און ניט געקאָנט זיין אַזוי שלעכט איינער צום צווייטן. דאָס לעבן וואָלט דערפון אַ סך געוואונען.

ד דאַמע: דאָס לעבן וואָלט אָבער געוואָרן צו טרויעריק —

קריטיקער: וואָלט מען דעם גרויסן טרויער פאַר־וואַנדלט אין גרוים פרייד, אַנשטאָט וואָס מען פאַר־וואַנדלט היינט פרייד אין טרויער... מענטשן קאָנען ערשט דאַן דערגיין צו דער גרויסער פרייד, ווען זיי זיינען דערגאַנגען צו דעם אייביקן טרויער... אַזוי איז דאָס. דאָס לעבן גייט אין זיגזאַגן. די ליבע, וואָס מיר האָבן אַזוי ליב, דערנענטערט אונז צום טויט, וואָס מיר האָבן אַזוי פיינט. און אין דער זעלבער צייט איז די ליבע די באַשעפערין פון לעבן.

שרייבער: (צו דער דאַמע) מיר דוכט זיך אַז דער טויט איז שוין ביי אים געוואָרן אַ מאַניע —

קריטיקער: דער טויט איז ביי מיר ניט קיין מאַניע, נאָר אַ פילאָזאָפיע. דורך דעם מיסטעריעזן ליכט פון טויט זע איך דאָס גאַנצע לעבן... איר ווילט ניט ריידן וועגן טויט, ווייל איר שרעקט זיך פאַר'ן וואָרט אַליין... וואָס דער טויט איז, ווייסט איר דאָך ניט —

איר לאָזט איבער דאָס געהיימניש אויפ׳ן לעצטן מאָמענט, ווען עס איז שוין צו שפּעט. ביז דאַן טראָגט איר אין זיך אַ באַהאַלטענע מורא. אין דער אמת׳ן דאַרף מען פאַרן טויט קיין מורא ניט האָבן. מען דאַרף דעם גאָט פון שטערבלאַכקייט קוקן מוטיק אין פּנים אַריין. ער איז ניט אַלעמאָל גרויזאַם. דאָס שטאַרבן איז טיילמאָל די דערלייזונג פאַר׳ן לעבן... דאָס לעבן וואָלט ניט גע־קענט לעבן אָן דעם ט—

שרייבער: אמת, לעבן איז אָן אייביק ראַנגלען זיך מיטן טויט... ווען דאָס לעבן וואָלט ניט געהאַט מיט וועמען זיך צו ראַנגלען, וואָלט עס פאַרלוירן דעם אָטעם... דערפאַר יאָגט זיך יעדעס לעבעדיק וועזן אומ־באַוואוסט צו זיין אייגענעם אונטערגאַנג... נאָר וואָס איז דאָ צו ריידן? וואָס פאַר אַ קלוגע אַפאָריזמען מען זאָל ניט זאָגן וועגן טויט, קענען דעם בייזן שד, בלייבן מיר אומ־באַהאָלפן. דער גרעסטער שונא פון דעם מענטשן איז דער אומפאַרמיידלאַכער טויט —

קריטיקער: איר רעדט ווי אַ קינד, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר דער פינסטערקייט פון דער נאַכט.. איך וועל אייך באַווייזן, אַז דער טויט איז טיילמאָל מילד און דערבאַרעמדיק. איך וויל קיין זאַך ניט פאַרלייקע־נען און פאַרגלעטן מיט פאַבריצירטע האָפנונגען, אַזוי ווי די איינגערעדטע אָפּטימיסטן. לאָמיר זיין מוטיק און צוגעבן אַז עס זיינען דאָ אומגליקן אין לעבן, וואָס דער מענטש קאָן ניט באַזיגן... אָבער דער געדאַנק, אַז דער טויט וועט זיי פאַרענדיקן, דאַרף זיי מאַכן לייכטער אַריבערצוטראָגן. אין דעם זין איז דער טויט אַ דער־לייזער און דערלייכטערער. שטעלט אייך פאָר, וואָס וואָלט געוואָרן פון דעם לעבן, ווען עס וואָלטן אייביק גע־לעבט די אַלע קאַליקעס, די אַלע סיפּיליטיקער, און די טויזנטער פאַרשידענע אינוואַלידן און די פאַרשידענע אַלט־וואַרגן, ווען דער טויט זאָל ניט קומען און זיי אָפּווישן

פון דער ערד?... און וואָס וואָלטן מיר געטאָן מיט אַלע הערשער און פירער — — ווען דער טויט זאָל זיי ניט צונעמען פון דער וועלט? וואָס וואָלט געוואָרן פון די שוואַכע מענטשן? דערפאַר איז דער טויט ניט דער צעשטערער פון לעבן, נאָר אויך דער באַנייער און פאַר־פולקאָמער פון לעבן. מיינע פריינט, מיר דאַרפן דעם טויט באַטראַכטן מיט נייע אויגן. אַזוי ווי מיר דאַרפן זען דאָס לעבן אין דעם ליכט פון טויט, פונקט אַזוי דאַרפן מיר זען דעם טויט, אין דעם דעם נייעם ליכט פון לעבן..

די דאַמע: איך מיין אַז איר רעדט אַזוי פיל וועגן טויט, ווייל איר זענט זייער עגאָאיסטיש. איר האָט מורא פאַר אייער אייגענער הויט —

קריטיקער: אַנטשולדיקט, די פראַגע איז ניט וועגן די ליידן און דעם טויט פון איין מענטשן, נאָר וועגן דעם לעבן און אַנטלעבן פון דעם גאַנצן אוניווערז.

שרייבער: נאָך וואָס ריידן אין גענעראַליזאַ־ציעס? וואָס גיבן מיר די שיינע רייד וועגן דעם גאַנצן אוניווערז? ווען איר קאָנט ניט פאַרמיידן איין קנייטש אויף מיין פּנים, ווען איר קאָנט מיר ניט דערלייגן נאָך איין טאָג לעבן, ווען איר האָט ניט די מעגלאַכקייט מיר צוריקצוגעבן איין מינוט וואָס איז פאַרגאַנגען? וואָס העלפן מיר אייערע איינגערעדטע טרייסטן, אייערע זאָרגן וועגן דעם לעבן פון דער גאַנצער וועלט? וויכטיק בין איך! איך, דער איינציקער מענטש. און מיר קאָנט איר גאָרניט העלפן. איך מוז פאַרגיין. און איך וויל אַזוי ניט שטאַרבן, — ! איך וויל אַזוי ניט אויפהערן זיין וואָס איך בין! אָבער איך ווייס אַז איך מוז... אין דעם ליגט דער גרויסער טראַגיזם — —

קריטיקער: דער מענטש קאָן אָבער מילדערן

דעם טראַגיזם דערמיט, וואָס ער קאָן אים נעמען אונטער דער הערשאַפט פון זיין באַוואוסטזיין. און אויספאַרשן זיינע גרעניצן. מיר קאָנען זיך קעגנשטעלן דעם פאַטום פון טויט ניט ווען מיר אַנטלויפן פון אים, נאָר ווען מיר גייען אים אַנטקעגן. האָט דער מענטש נאָר איינ־מאָל געזען דעם אומפאַרמיידלאַכן שרעק, שרעקט ער זיך שוין ניט מער. און פאַרמיידט טיילווייז דאָס אומפאַר־מיידלאַכע. אויף אַזאַ אופן שאַפן מיר זיך פרייהייט אין דעם צוואַנג... און דאָס איז די אמת׳ע פרייהייט. דאַ־מאָלט קאָנען מיר זיין גרייט פאַר אַלץ: אפילו מוטיק צו אַנערקענען דעם געדאַנק פון פאַרגיין — ווייל אונז שרעקט ניט דאָס פאַרגיין — מיר פאַרגייען דאָך אַלע טאָג. דער לעצ־טער טאָג איז בלויז דער שלום פון דעם גאַנצן פּראָ־צעס — אונז שרעקט דער געדאַנק פון אויפ־הערן זיין. ניט זיין קאָנען מיר ניט באַגרייפן... ווייל ווען מיר דענקען זיינען מיר דאָך... און ווי לאַנג מיר זיינען, זיינען מיר אייביק... די אייביקייט איז אין אונז... און דאָס דאַרף אונז באַרואיקן און געבן גלייכגעוויכט אין לעבן. ווייל טיף אין אונזער זיין פילן מיר אַז וואָס פון אונז זאָל ניט ווערן, אייביק מוזן מיר זיין. ווייל די אומענדלאַכקייט קאָן ניט צעשטערן אַ טייל פון זיך, פונקט ווי זי קאָן ניט צעשטערן זיך אינגאַנצן. און מיר זיינען דאָך אַ טייל פון דער אומענדלאַכקייט. אַלץ, וואָס איז, איז אייביק. די אייביקייט האָט אין ערגעץ ניט קיין טיר דורך וועלכער אַרויסצוגיין פון זיך אַליין, אָדער אונז אַרויסצוואַרפן. בלויז פאַר אונזער באַגרעניצטן באַוואוסטזיין איז זי צעטיילט אויף שטיקער, אָבער אין זיך איז זי איין גאַנצקייט. און אַבסאָלוטע פאַרגאַנגלאַכקייט איז דערפאַר אוממעגלאַך. ווייל מיר זיינען אייביק אין דער גאַנצער אייביקייט. מיר ווען

אַלעמאָל זיין מיר... דערפאַר דאַרף מען ניט לעבן אַזוי ווי מיר וואָלטן מאָרגן אויפהערן זיין, נאָר אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען זיכער אַז אונזער לעבן איז אַן אייביקייט.

ד דאַמע: צו דעם דאַרף מען זיין אַ גלויביקער.

קריטיקער: געוויס דאַרף מען זיין צו דער אייביקייט אַ גלויביקער. וואָס איז אַ מענטש אָן גלויבן און אָן האָפנונג? ניט קיין אָנגעשטימטער אינסטרו־מענט אויסצושפּילן דאָס ליד פון לעבן, נאָר איבערגע־צויגענע נערוון וואָס ווילן אַליין פּלאַצן.

שרייבער: איר ווילט אויף אונז אַרויפצווינגען אייער אייביקייט אַלס אַן אמת. אָבער מיר זיינען גע־וואָרן שוואַכגלויביקע.

די דאַמע: וואָס קען דער גלויבן העלפן? ווען מענטשן וואָלטן זיך אַפילו געקענט איבערצייגן אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט, וואָלטן זיי דען געוואָרן בעסער? וואָס וואָלט גאָט געקענט טאָן מער ווי די געזעלשאַפט טוט היינט מיט שלעכטע מענטשן? הענגט דאָך דער טויט איבער יעדן מערדער — דאָך מאָרדעט איין מענטש דעם אַנדערן. דאָס באַווייזט אַז ווען עס זאָל אַפילו זיין אַ גאָט, וואָלט ער אויך געווען קראַפטלאָז קעגן בייז. אויב אַזוי, וואָס קען שוין אויפטאָן אַן אומבאַשטימטער גלויבן?

קריטיקער: אָן גלויבן פילט דער מענטש אַז זיין לעבן איז בלויז אַ פּאַראורטיילונג צום טויט. און קען ניט זען דעם וואונדער און די שיינקייט פון דער וועלט, און זיין האַרץ איז אָנגעפילט מיט טרויער.

שרייבער: איר האָט אַ טעות. ניט ווייל איך בין ניט קיין גלויביקער, ניט ווייל איך זע ניט די שיינ־קייט און דעם וואונדער פון דער וועלט, איז מיין האַרץ איבערגעפילט מיט טרויער; נאָר ווייל איך זע אַז אַלץ וואָס א י ז , איז אויך נ י ט . און אַלץ וואָס ק ו מ ט א ו י ף ד ע ר ע ר ד , מ ו ז א ו י ך

פ אַ ר ג י י ן . און אַלץ וואָס וויל לעבן מוז פאַר־שטאַרבן. בלויז דער טויט לעבט אייביק... ווען איר וואָלט געקאָנט אַוועקנעמען די א י י ב י ק י י ט פ ו ן ט ו י ט , און זי איבערגעבן די מענטשן, וואָלט איר אַוועקגענומען מיין טרויער. אָבער איר טוט היינט פונקט פאַרקערט. איר נעמט אַוועק דאָס לעבן פון די מענטשן און גיט עס איבער צום טויט. דערפאַר טרויערט מיין האַרץ, ווייל איך פיל אַן אומענדלאַכע שנאה צום טויט, און יעדע שנאה רויבט די רו און פאַר־שאַפט אונז טרויער...

ק ר י ט י ק ע ר : איך מיין נאָך אַ גרעסערע טראַ־געדיע איז דאָ פאַר'ן מענטשן ווי טויט, דאָס איז די ליִ־בע. ווען מען איז טויט ליידט מען ניט. אָבער ווען מען איז פאַרליבט און אַנטוישט אין דער ליבע, האַלט מען זיך נאָך אַן ביי דעם ברעג פון לעבן, נאָר מען פילט שוין דעם גיהנום לעבעדיקערהייט, ווי אַ זינדיקער מענטש אין גיהנום. עס ווערט דערציילט : ווען אַ זינדיקער שטאַרבט, מאַכן אים די מלאכים צוריק לעבע־דיק, און מען הייסט אים מאַכן אַ פייער ער זאָל זיך אַליין פאַרברענען. דערנאָך מאַכן אים די מלאכים ווידער לעבעדיק און ער דאַרף זיך ווידער אַליין פאַרברענען. אַזוי ביז אַן אַ סוף. ווען מען איז פאַרליבט, צינדט מען אויך פאַר זיך אַן אַ פייער און מען פאַרברענט זיך אַליין.... און מען ווערט קיינמאָל ניט פאַרברענט נאָר דער גיהנום איז אויף דער ו ו ע ל ט . . .

ש ר י י ב ע ר : דאָס איז נאָר גערעדט. דאָס איינרע־דעניש, אַז נאָר די פ ר ו י , אָדער דער מ אַ ן קען געבן גליק, איז געבאָרן געוואָרן אין דעם קליינעם שטעטל, וואו עס זיינען ניט געווען פיל יונגע מענער און שיינע פרויען. און ווען דער קליין שטעטלדיקער בחור האָט געליבט דאָס איינציקע שיינע מיידל, און זי האָט אים פאַרביטן אויף אַן אַנדערן, איז דער פאַרליבטער פאַר־

בליבן אַן אייביק אַנטוישטער. ווייל ער האָט ניט געקענט געפינען קיין אַנדערע, וואָס זאָל אין אים קענען דער־וועקן די זעלבע מיסטעריעזע אילוזיע. אָבער אין דער גרויסער שטאָט, ווען מען זעט יעדן טאָג אַזוי פיל מענטשן, און צווישן זיי צענדליקער שיינע דאַמען, און דאָס אויג פאַרליבט זיך אַלע טאָג אין אַן אַנדערער, קען די דעלוזיע פון ליבן בלויז איין מענטש ס׳גאַנצע לעבן, לאַנג ניט אַנהאַלטן. אין דער גרויסער שטאָט ווערן די אויגן יעדן טאָג פאַרפירט פון עטלאַכע שיינע פרויען מיט וועלכע מען וואָלט גע־קענט זיין גליקלאַך... און פאַרקערט — —

קריטיקער: אייערע געדאַנקען קומען פון קאָפּ ניט פון האַרץ. ווען איר וואָלט געדענקט מיט׳ן האַרץ, וואָלט איר געוואוסט אַז אמת׳ע ליבע בלייבט די זעלבע אונטער אַלע אומשטענדן. מעגלאַך אַז די מענטשן פון דער גרויסער שטאָט, זיינען געוואָרן אַזוי דעגע־נערירט, אַז זיי האָבן פאַרלוירן די געניאַליטעט צו ליבן, אָבער קיין טוגנד דאַרף מען פון דעם ניט מאַכן. ווייל וואָס איז דאָס לעבן אָן אמת׳ער ליבע? לאַנגווייליקע פראָזע געשריבן פון אַ שלעכטן זשורנאַליסט. און איר ווילט מיר נאָך איינרעדן אַז דאָס איז גרויסשטאָטישקייט. וואָס טויג מיר די קאַלטע חכמה פון דער גרויסער שטאָט אַנטקעגן דער נאַאיווקייט פון דער קליינער שטאָט, אַז אַן ליבע איז די גרויסע שטאָט פונקט אַזוי קליין און ענג ווי אַ תפיסה.

שרייבער: ווי איך זע, איז דאָס אייער שוואַכ־סטער פונקט. ווייל ווען עס קומט צו דער ליבע, הערט איר אויף צו זיין קריטיש און ווילט אפילו ניט באַ־טראַכטן אַ נייעם געדאַנק. פאַרגעסט ניט אַז די ליבע האָט מען אַריינגערינגלט אין אַ צו ענגן רינג, וואו זי ווערט דערשטיקט. מען דאַרף דעם רינג פון ליבע פאַר־גרעסערן און אויספאַרשן אירע גוטע און שלעכטע ווירּ־

קונגען. מיר דאַרפן זיך לערנען ווי אַזוי אומצוגיין מיט ליבע, פונקט ווי אַ קינד מיט פייער אָדער אַ מעסער. ליבע איז אַ נאָך ניט אויסגעפאָרשטע קראַפט. און דער היינטיקער מענטש ווייסט נאָך ווייניקער ווי אַזוי אומצוגיין מיט דער קראַפט פון ליבע, ווי דער מענטש פון דער שטיין־צייט מיט לופט, אָדער עלעקטריציטעט.

קריטיקער: וואָס טויגן מיר די אַלע קלוגע רייד. איך ווייס נאָר איין זאַך: אַז ווען מען קאָן ניט קריגן דעם מענטשן פון וועמען עס הענגט אָפּ דער זין פון אונזער לעבן, ווערט אונזער לעבן אַן אומזין, און מיר קאָנען ניט שטאַרבן און ניט לעבן. מיר בלייבן איינגעקלעמט אין דעם צוואַנג פון שמערץ. דענקט איר ניט אַז דאָס איז ערגער ווי טויט?... אָבער זעט נאָר ווי בלאָס איר זענט געוואָרן — — איצט זע איך אַז דער ווײַן האָט געווירקט אויף אייך —

שרייבער: ניין, ניט דער ווײַן. איך בין בלויז אַביסל אויפגערעגט. און יעדער אויפרעגונג דערוועקט אין מיר אַלץ וואָס איז אונטערדריקט. דער גרויסער טרויער לעבט אין מיר אַלע מאָל, נאָר ער שלאָפט, איצט האָט ער אויפגעוואַכט... לאָמיר טרינקען ווײַן, אפשר וועט מיין טרויער צוריק איינשלאָפן.

קריטיקער: איר רעדט טיילמאָל מיינע שטומע געפילן, און לאָזט הערן מיינע געשוויגענע רייד... ווייזט אויס אַז אין דער טיפעניש פון האַרץ פילן אַלע מענטשן גלייך...

שרייבער: ווען מיר ריידן ניכטערהייט צו מענטשן, זאָגן מיר ניט אַרויס וואָס מיר ווילן זאָגן, מיט אונזערע ווערטער פאַרשטעלן מיר אָפט אונזערע געפילן.. צו אַנדערע זאָגן מיר מערסטנס וואָס איז ניט וויכטיק, דאָס וויכטיקע ריידן מיר צו זיך אַליין — — נאָר דאַן ווען מיר טוען אָן אַ מאַסקע אויפ׳ן פּנים דעקן מיר אויף אונזער האַרץ... אין דער אמת׳ן פירט

יעדערער אַז אַנדערער לעבן וויעס זעען עס זיינע פּריינט און באַקאַנטע.

קריטיקער: וואָס איז דאָס גאַנצע ריידן און שרייבן? וואָס ווילן מיר מיט אַלע אונזערע רייד און געזאַנגען? איז דאָס מער ווי דאָס פייער וואָס ברענט אין אונז און פאַרברענט אונז און רייסט זיך ווייטער צום פלאַם? אונזערע ווערטער זיינען מער ניט ווי ווינטן וואָס צעבלאָזן אונזערע ליידנשאַפטן... אונזערע פאַנטאַזיעס זיינען ניט מער ווי אויסגעטראַכטע שיפן וואָס שווימען אויף אַ ברעגלאָזן ים... און וואָס איז דער גרונט פון אַלע אונזערע אַמביציעס, — מער ווי צו באַזיגן די טרוי־מען פון אונזערע געליבטע, און דערנאָך צו זיין טויב צו די טרוימענדיקע? וואָס איז דער סוד פון אונזער גאַנצער קונסט? מער ווי אַ ווילן אויסצולעבן אונזער אייביק פאַרבענקט האַרץ, און אַ טרייסט פאַר דעם ניט קאָנען?...

שרייבער: הערנדיק אייערע רייד, האָב איך זיך דערמאָנט אָן אַ מעשה: אַמאָל איז געווען אַ גאָט, האָט ער באַשאַפן אַ וועלט, איז זי געווען אַ שיינע און געהאַט נאָך כמה וכמה מעלות. נאָר איין חסרון האָט זי געהאַט: טאָג און נאַכט האָט זי זיך געהאַלטן אין איין צעברעכן. האָט גאָט געהאַט דערפון זייער פיל עגמת נפש. האָט ער זי געהאַלטן אין איין צונויפקלעפּן און זי איז צוריק פונאַנ־דערגעפאַלן. איז די אַרבעט אים מיאוס געוואָרן. איז געגאַנגען גאָט, און באַשאַפן אַ נייעם גאָט, וואָס זאָל באַ־שאַפן אַ נייע וועלט, זי זאָל טאָג און נאַכט ניט האַלטן אין איין פונאַנדערפאַלן... די נייע וועלט, פון דעם נייעם גאָט, האָט אויך געהאַלטן אין איין צעפאַלן. איז דעם נייעם גאָט אויך מיאוס געוואָרן צו האַלטן אין איין צונויפקלעפּן די נייע וועלט, האָט ער ווידער באַ־שאַפן אַ נייעם גאָט, וואָס זאָל באַשאַפן אַ נייע וועלט, זי

זאָל טאָג און נאַכט ניט האַלטן אין איין פּאַנאַנדער־פאַלן, און ער זאָל דאַרפן —

קריטיקער: וואָס איז געוועזן דער סוף?

שרייבער: אַ שאַד, דעם סוף וועלן מיר אפשר קיינמאָל ניט וויסן...

די דאַמע: זעט נאָר ווי זיי האָבן זיך צע־טרוימט! גענוג שוין מיט אייער טרויער! דאָס באַווייזט אַז איר זענט צופיל פאַרשרויפט אין זיך. אַז אַ מענטש פילט אַלע מאָל זיך, איז זיין „איך" קראַנק. איר זענט טרויעריק ווייל איר זענט צו באַוואוסטזיניק, ווייל איר טראַכט נאָר אַלעמאָל וועגן אייער באַגרעניצטן איך. האַלט זיך אַלעמאָל ביים דופק און רעזאָנירט וועגן טויט און לעבן. אַ מענטש דאַרף לעבן, ניט פילאָזאָפירן וועגן לעבן! עס איז זייער אַ שלעכטע מדה זיך אַלע־מאָל צו באַקלאָגן אַז דאָס לעבן איז ניט גוט, און אַז דער טויט איז שרעקלאַך שלעכט. וואו איז אייער מענערישע העלדישקייט? מיר, פרויען, וואָס האַלטן זיך ניט פאַר אַזעלכע גרויסע העלדן ווי איר, זיינען קיינמאָל ניט אַזוי פאַרצווייפלט. מיינט ניט אַז אונז איז אַזוי גוט. אַז מיר נעמען אַלץ אַזוי לייכט ווי אייך דאַכט זיך אויס — — ווען איר זעט אונז אויסגעפּוצטע און פאַרשטעלט, מיט שמייכלען אויף די גערויטלטע ליפּן — — מיר זיינען מער אומרואיק ווי איר, און מער הילפלאָז... אָבער מיר קאָנען זיך לייכטער צופּאַסן, זיך מער איינבילדן, און זיך מער אָפּנאַרן... כאָטש מיר בלייבן דערפון אייביק אומ־באַפרידיקט און פילן די גרויסע פוסטקייט פון לעבן... מיר גיבן זיך אָבער ניט נאָך. מיר נעמען ניט פון פאַר־צווייפלונג שכור'ן, מיר ראַנגלען זיך מיט'ן לעבן — און לעבן. מיר זוכן צו פאַרזוכן פון דער פרייד וואָס מער, איידער עס ווערט צו שפּעט... גענוג גערעדט וועגן די אַלע נאַרישקייטן. וואָס הערט זיך מכח פאַרזוכן אַ פּיי־נעם אָראַנזש?

קריטיקער: זייער אנגענעם. איך רייד פון טויט, אָבער אַ גרויסער אנהענגער בין איך פון לעבן.

דאַמע: אַזוי איז גוט. אָפשיילן פאַר אייך? וואָס פאַר אַ שיינע פרוכט איר האָט געבראַכט! —

קריטיקער: וואָס מיינע אויגן זעען איז פיל שענער.

די דאַמע: אָ, איר הויבט שוין אָן אַזוי ווי אַלע — ווי קומט דאָס אַ קריטיקער זאָל מאַכן קאָמפּלימענטן?

קריטיקער: איך מאַך קיינמאָל ניט קיין קאָמפּלימענטן. דאָס איז מיין באַוואונדערונג פון שיינקייט. און אַ מענטש דאַרף זיך וואונדערן —

די דאַמע: איך דאַנק אייך — אָבער לאָמיר בעסער ריידן וועגן וויכטיקערע זאַכן.

קריטיקער: ניטאָ קיין וויכטיקערס אין דער וועלט, ווי דער וואונדער פון שיינקייט און די שיינקייט פון וואונדער...

שרייבער: וואָס הערט זיך מכח דער שיינקייט פון אַ גוטן טרונק? פאַר אייביקער שיכרות! סימבאָליש...

קריטיקער: טרינקט געזונטערהייט... איך וויל איצט גאָרניט מער... אונז איז דאָך אַזוי גוט! מיר האָבן וויין, פרייד... און זינגט אונז אַ ליד וועט אַלץ זיין קאָמפּלעט.

די דאַמע: איך ווייס ניט וואָס פאַר אייך צו זינגען. ווען עס קומט צום זינגען פאַרגעס איך אַלע לידער —

קריטיקער: וואָס איר וועט זינגען וועט זיין גוט. אייער שטימע אַליין איז דאָך מוזיק...

די דאַמע: גוט, איך וועל אייך זינגען אַ פאָלקס-ליד.

אויפ׳ן הויכן באַרג דעם גרינעם
שטייען טויבן פּאָרן,
נאָך קיין נחת ניט געהאַט,
שוין אוועק די יאָרן.

לאָמיר שפּאַנען פערד און וואָגן,
לאָמיר גיכער פאָרן,
אפשר וועלן מיר דעריאָגן
אונזערע יונגע יאָרן.

מיר האָבן דעריאָגט אונזערע יאָרן
אויף דעם לאַנגן בריק,
יאָרן, יאָרן, קערט זיך אום
כאָטש אין געסט צוריק.

ניין, ניין, מיר וועלן זיך ניט אומקערן,
ס׳איז ניטאָ צו וועמען,
האָט איר פריער ניט באַדאַרפט
אונז אַזוי פאַרשעמען.

(נאָך דעם ווי די דאַמע האָט געענדיקט זינגען, ווערט אומאַנגענעם שטיל. מען האָט מורא צו קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן, מען זאָל ניט דערזען דעם אומעט).

שרייבער: זייער אַ שיין ליד.
קריטיקער: וואונדערבאַר. דאָס פאָלק קאָן —
שרייבער: אַ טעות. דאָס האָט ניט באַשאַפן דאָס פאָלק. דאָס פאָלק באַשאַפט קיין זאַך ניט, נאָר דער יחיד. דאָס ליד איז די שאַפונג פון אַן איינזאַמען מענטשן. פון אַ דיכטער. עס ווייעט מיט אַזוי פיל אמת׳ן טרויער.

קריטיקער: אזוי ווי פון יעדער שיינקייט.

שרייבער: איצט, וואס ווייטער? ווייסט איר וואס? איך מאך א פארשלאג מען זאל כאפן א גוטן ביים. אין הויז איז דא פון אלעם גוטען, איך שטעל שוין —

די דאמע: לאזט מיך, איך וועל שוין אלץ צוגרייטן.

(די דאמע גייט אריין אין קיך).

שרייבער: זאגט אליין, איז זי נים שענער ווי —

קריטיקער: יא. זייער — אבער דאס באַוואונדערן א פרוי, פירט צו א פלאנטער.

שרייבער: איר רעדט דאך טאקע ווי א קרי־טיקער. איר וועט באלד זען אז עס פירט שוין גארניט צו קיין —

קריטיקער: איר האט נים פארשטאנען וואס איך האב געמיינט.

שרייבער: אבער איר וועט באלד פארשטיין וואס איך האב געמיינט... טאניע! איין מינוט. איך דארף אייך עפעס זאגן — א סוד...

די דאמע קומט אריין און גייט צו צום שרייבער. ער גיט זי א צי מיט ביידע הענט צו זיך און גיט איר א קוש. דער קריטיקער ווערט בלאס, וויל עפעס זאגן און פארלירט זיך.

די דאמע: (מיט א לייכטן שמייכל ווי גארניט וואלט פאסירט) נו, וואס שווייגט עפעס אונזער קריטיקער?

קריטיקער: אין אזעלכע פאלן איז בעסער די קריטיק זאל שווייגן.

די דאמע: (לאכט אים אין די אויגן אריין) גוט, שווייגט, נאר איר זאלט שוין שווייגן... איר הערט? איך האב פיינט אז מען שווייגט מיאוס... א מענטשן דערקענט מען א סך פון זיין שווייגן... איר שווייגט

נאָך אַלץ? איך האָב איצט קיין צייט ניט. שפּעטער זאָלט איר מיר זאָגן וואָס איר האָט אויסגעשוויגן...

(די דאַמע גייט צוריק אַריין אין קיך. דער קריטיקער בלייבט זיצן אַ פאַרשטיינערטער, באַלד ווערט ער נערוועז. דער שרייבער איז זייער אויפגעלייגט, ער דערקענט, אַז דער קריטיקער פילט זיך עפּעס אין אַ פאַרלעגנהייט, און קוקט אויף אים מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל... דער קריטיקער שמייכלט אויך, נאָר מיט אַ געצוואונגענער מינע.)

שרייבער: זאָלן מיר אפשר אויף אַ ווײַלע גיין שפּאַצירן?

קריטיקער: יאָ, גוט, ס'איז פאַר אונז זייער נויטיק אַביסל ריינע לופט...



# אידיש

עס קומט אריין א ביכער־אגענט מיט א פּאָרטפעל אין דער האַנט.

אַ ג ע נ ט : גוטנאָוונט אייך, מיינע פריינט. (צום שרייבער) ע נ ד ל אַ ך האָב איך געטראָפן!

ש ר י י ב ע ר : פאַרוואָס שרייבט איר ניט קיין עדיטאָריעלס?... דעם סטיל האָט איר שוין. אַ שאָד וואָס איר פאַרשווענדט אייער טאַלאַנט אויף אַזאַ אומדאַנקבאַרער אַרבעט ווי פאַרקויפן אידישע ביכער.

אַ ג ע נ ט : פאַרשפּרייטן אידישע ביכער איז אַן אומדאַנקבאַרע אַרבעט? דורך דעם אידישן בוך פאַרשפּרייטן מיר די אידישע קולטור. ווען איך האָב צייט, וואָלט איך אייך אויפגעוויזן וויפל מיר האָבן אויפגעטאָן פאַר'ן אידישן בוך. איך דאַרף נאָך אָבער היינט זיין ביי עטלאַכע פריינט. איר ווילט דאָך אַלע ביכער, וואָס דער נייער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן —

ש ר י י ב ע ר : איר זענט אַ צו גוטער געשעפטס־מאַן.

אַ ג ע נ ט : מיט אייך דאַרף מען נאָך אויך רעדן? איר לייענט דאָך יעדער ניי בוך —

ש ר י י ב ע ר : ווער זאָגט דאָס אייך? איך בין אַלעמאָל הינטערשטעליק מיט'ן לייענען. עס זיינען דאָ אַזוי פיל צייטונגען, אַזוי פיל זשורנאַלן, און אַזוי פיל פאַרשידענע ביכער, אַז מען ווייסט ניט וואָס פריער צו לייענען. איך האָב מורא אַז די בעסטע ביכער וועל איך מוזן מיטנעמען אין קבר אריין.

אַ ג ע נ ט : אָבער די נייע אויסגאַבן מוזט איר דאָך —

ש ר י י ב ע ר : אַז איך האָב נאָך די אַלטע ניט דורכגעלייענט.

אגענט: די אַלטע איז ניט נויטיק צו לייענען. קיין נייע אמתן קענט איר דאָרט ניט אַנטדעקן. וואָס דאָרט איז געווען, האָט מען שוין אויסגעשעפּט פאַר אייך.

קריטיקער: אמת'ע קוואַלן קענען קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט ווערן. און וואָס עלטער דער ווייַן, אַלץ בעסער דער געטראַנק.

אגענט: אויב אַזוי קען איך אייך פאַרקויפן אַל־טע ביכער. איך האָב אַלע ווערק פון מענדעלי, פון שלום עליכם, פון פּ —

קריטיקער: איך לעז ניט קיין ביכער. פאַר מיר זיינען גענוג די צייטונגען... זיי זיינען גענוג אַלט — —

די דאַמע: נאָך אַ יאָרהונדערט פון לעזן צײַ־טונגען, און מענטשן וועלן פאַרלירן די פייאיקייט צו לייענען אַ בוך. איך הויב ניט אָן צו באַגרייפן פאַר־וואָס מענטשן זיינען אַזוי פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס עס טוט זיך אין מאָסקווע, און זיינען אַזוי גלייכגילטיק צו דעם, וואָס פּאַסירט ביים שכן קעגנאיבער. ווי משונהדיק פּאַראַדאָקסאַל איז די מענטשלאַכע נאַטור!

שרייבער: פאַרוואָס זיינען מענטשן אַזוי פאַר־אינטערעסירט אין די קלענסטע נייסן פון היינטיקן טאָג, און פאַרגעסן באַלד די וויכטיקסטע נייס פון נעכטן?

אגענט: די לעזער אינטערעסירט איבערהויפּט ניט קיין נייס. ווען די אַרויסגעבער וואָלטן איבערגע־דרוקט די צייטונגען פון פאַר צען יאָרן מיט נייע דאַ־טומס, וואָלט דאָס פאַר זיי געווען פּונקט אַזוי גוט... און עס וואָלט נאָך געקאָסט ביליגער... לייענען צײַ־טונגען איז מער ניט ווי אַ געוואוינהייט. ווי קייען טאַ־באַק, אָדער רויכערן ציגאַרן. מען טוט דאָס, ניט ווייל עס איז נויטיק, מען באַגייט זיך ניט אָן דעם, ווייל מען

מיינט אַז מען וועט זיך אָן דעם ניט קענען באַגיין. נאָר וויפיל אָן אינטעליגענטער מענטש זאָל ניט לייענען צייטונגען דאַרף אָבער דאָס בוך ביי אים זיין דער פונדאַמענט. אַ צייטונג לייענט מען ניט. נאָר מען מישט, מען כאַפּט די קעפּלאַך, און מען קוקט אויף די בילדער... ווי קען אַן אינטעליגענטער מענטש אויסקומען אָן אַ בוך?

די דאַמע: גייט שוין, ער שפּאַסט. ער לייענט שוין צופיל ביכער.

אַגענט: אויב אַזוי, דאַרפט איר דאָך טאַקע קויפן —

קריטיקער: איך קויף ניט קיין אידישע ביכער. איך קריג זיי אומזיסט, מיט קאָמפּלימענטן אַלס צוגאָב.

אַגענט: איך האָב אויסגאַבן וואָס איר קענט זיי ביי קיינעם ניט קריגן. זיי גייען אַרויס בלויז פאַר אַבאָנענטן אין אַ באַגרעניצטער צאָל עקזעמפּליאַרן.

קריטיקער: אַזעלכע ביכער איז אפשר גלייכער זיי זאָלן בלייבן אינגאַנצן באַגרעניצט, אַ רחמנות אויף די שרייבער און אויף די לעזער. הערט, פאַרוואָס האַנדלט איר בעסער ניט מיט גראַמאָפאָנען?

אַגענט: איך זע אַז איר זענט היינט אויפגעלייגט צו שפּאַסן. איך וועל מיט אייך ריידן אַן אַנדערש מאָל (ווענדט זיך צום שרייבער) וואָס איז מיט אייך?

שרייבער: איך האָב ניט קיין פּלאַץ. אַלע שאַפעס איבערגעפּאַקט.

אַגענט: איך קען אייך פאַרקויפן אַ נייעם שראַנק זייער ביליק.

שרייבער: ניטאָ קיין אָרט וואו צו שטעלן —

אַגענט: איר דאַרפט ניט קיין אָרט. דאָס זיינען איינצלנע פאַכן, איר קענט זיי שטעלן אין דער הויך, וויפל איר ווילט.

שרייבער: אַנטשולדיקט, היינט בין איך פאַר־נומען —

אַגענט: וועל איך קומען מאָרגן, אַ גוטע נאַכט.

שרייבער: (אָטעמט אָפּ שווער) אוי, איז דאָס אַ נוד —

די דאַמע: (לאָזט אים ניט ענדיקן) איך האָב ניט ליב דאָס וואָרט. ס׳איז מיאוס. פאַרוואָס באַ־ליידיקן אַ מענטשן אונטער די אויגן? ער איז דאָך גאָט׳ס ווערק!

קריטיקער: אָבער ניט קיין מייסטערווערק...

די דאַמע: גייט שוין גייט, ער שיינט צו זיין אַן אינטעליגענטער בחור, שרייבט אודאי לידער. נאָר ער דערנידעריקט זיך צוליב דער ביטערער פּרנסה.

שרייבער: אויב איר האָט אַזוי פיל מיטגע־פיל מיט אים, פאַרוואָס האָט איר ביי אים ניט גענומען אַ פּאָר ביכער?

די דאַמע: איך? נאָך וואָס דאַרף איך אידישע ביכער?

קריטיקער: ווייזט אויס, אַז קיינער דאַרף זיי ניט.

שרייבער: אויב אַזוי, פאַר וועמען שרייבן מיר?

קריטיקער: פאַר די איינציקע — פאַר די שריי־בער.

שרייבער: איז טאַקע טרויעריק. מעגלאָך אַז מיר גייען אונטער. ס׳איז בלויז אַ פראַגע פון צייט... דערפאַר בין איך געוואָרן אַ ציוניסט, ווייל נאָר דורך דעם ציוניזם קענען מיר אידן בלייבן אַ פאָלק.

קריטיקער: דער ציוניזם האָט אַ גרויסן זין. נאָר די ציוניסטן מאַכן אים קליין. ווען דאָס גאַנצע פאָלק וואָלט געקומען צום באַוואוסטזיין, אַז עס וויל מער ניט העלפן שרייבן די וועלטגעשיכטע מיט אידיש בלוט,

נאָר ווייל אַליין ווערן געשיכטע, וואָלט עס זיך געקענט דערהויבן צו אַ וועלט אידייע.

שרייבער: איר רעדט ווי אַ קינד. דאָס פאָלק האָט ליב טעאַטער, וואו אַלץ ווערט נאָכגעמאַכט פאַר אַ שפּיל... ס'פאָלק האָט ליב ליגן. קומט די פיינלאַכע ווירקלאַכקייט, ווערט עס טויב, בלינד, שטום און גלייכגילטיק ווי אַ שטומער אייזל.

קריטיקער: אייזלען הויבן אויך אַמאָל אָן צו ריידן —

שרייבער: אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך? אין אידיש?

קריטיקער: אייזלען קענען ניט קיין אידיש — זיי האָבן ליב העברייאיש נאָך פון בלעמ'ס צייטן...

שרייבער: זיי וואָלטן זיך די ציין אויסגעבראָכן מיט די האַרטע ווערטער. אידיש איז די שפּראַך פון עם הארצים. אין ארץ ישראל וועט מען צוריק איינפירן די שפּראַך פון דער אַריסטאָקראַטיע. אין דעם הייליקן לאַנד וועלן מיר צוריק ריידן לשון קודש.

קריטיקער: וואָס ווילט איר פון אונז העברייער? איר ווילט אונז אָפּשניידן פון דער אייראָפּעאישער קולטור און אונז צוריק פּאַראַזיאַטיזירן? אידיש איז פאַרוועבט מיט דעם גייסט פון דער גאַנצער אייראָפּייאישער קולטור. און האָט דאָרט איר אייגענעם פּאָדעם. זאָל זיין אַ דינער, אָבער אפשר דעם רויטסטן פון אַלע. ניט אין העברייאיש איז געשאַפן געוואָרן אונזער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, נאָר אין אידיש. ווייל אידיש איז פאַרבונדן מיטן רעאַלן אידישן לעבן, העברייאיש — מיט'ן בוך.

שרייבער: פאַרגעסט ניט אַז העברייאיש האָט אַן עלטערע און רייכערע קולטור ווי אידיש. און ניט אומזיסט איז העברייאיש ביי אידן געוואָרן פאַרהייליקט. אויב דאָס פאָלק וועט דוקא וועלן אידיש, וועט

זיין פאַרפאַלן... וועלן מיר זיך מוזן האַלטן ביי דעם פּרינציפּ פון טאָלעראַנץ....

קריטיקער: אַזוי האָב איך גאָר ניט דאַגעגן. ווייל איך בין איבערצייגט, אויב עס וועט אָפּהענגען פון דעם פרייען ווילן פון פאָלק, וועלן אידן בעסער וועלן ריידן אידיש. און אויב אידיש איז און וועט זיין די שפּראַך פון פאָלק, וועט ביי דער אמת'ער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע אידיש ווערן לשון קודש... און אַלע גרויסע ווערק וואָס וועלן געשאַפן ווערן אין אידיש, וועלן פאַרהייליקט ווערן, פּונקט אַזוי ווי די הייליקע ספרים אין העברייאיש. ווייל איר דאַרפט וויסן, אַז די וואָס ליבן דעם גייסט פון דעם אידישן פאָלק, האָבן אַ ליבע צום אידישן וואָרט, וואָס איז זיין פאָרם... דאָס אידישע וואָרט איז דער אויסדרוק פון אונזער בלוט, דער אויסגעשריי פון ליידן. עס איז דאָס וואָרט וואָס קומט פון הארץ פון פאָלק. עס איז דאָס וואָרט פון אומרו, דאָס וואָרט פון קאַמף, דאָס וואָרט פון זוכן און פאָרשן און קריטיקירן. דאָס אידישע וואָרט איז בויגיק גענוג פאַר יעדן גרויסן דיכטער, דורכזיכטיק גענוג פאַר דעם פילאָזאָף, און שאַרף גענוג פאַר דעם אמת'ן נביא. דאָס אידישע וואָרט איז גוט אָפּצולייקענען אַלע וועלט-ליגנס, אַלע אַבערגלויבנס. און אַלע דאָגמעס. מיט דעם אידישן וואָרט קען מען ריידן וועגן פרייהייט, וועגן האָפנונג, וועגן דערלייזונג, וועגן אַ נייער וועלט. דאָס אידישע וואָרט האָט איבערגעלעבט פיל קלינגענדיקערע ווערטער, פיל געשליפענערע ווערטער. דאָס אידישע וואָרט וועט לעבן ווייל עס פאַרטיידיקט דאָס לעבן פון פאָלק. דאָס אידישע וואָרט איז דער כח פון דעם פאַר'עקשנ'טן בלוט וואָס האָט אַריבערגעלעבט פיל פעלקער און וועט נאָך פיל אַריבערלעבן. דאָס אידישע וואָרט איז געבוירן גע-וואָרן צו לערנען מענטשלאַכקייט, ברידערלאַכקייט, און מענטשלאַכע הייליקייט. און דאָס נייע אידישע וואָרט

איז געשאַפן געוואָרן צו שאַפן דאָס נאָך ניט געשאַ-פענע.

שרייבער: דאָס זיינען בלויז שיינע ווערטער.. איר דאַרפט ניט פאַרגעסן: די שפּראַך איז ניט דער הויפּט פּראָבלעם פון אונזער פאָלק. די פראַגע איז צי וועלן די פעלקער אונז ניט שטערן צו לעבן?

קריטיקער: מיר וועלן לעבן! טראָץ דעם וואָס די פעלקער וועלן אונז שטערן אַזוי ווי אַלעמאָל. ווייל מיר זיינען און וועלן זיין דער שרעק פון זייער געוויסן. דורך אונז וועלן זיי אייביק זיין געצוואונגען צו באַנייען די וועלט... און דאָס וועלן זיי אונז קיינמאָל ניט פאַרגעבן. אין זייערע אויגן זיינען מיר אונטער-צינדער. מיר צינדן אונטער די אַלטע אומאָרדנונג און מיר צינדן אָן דעם אידעאַל פון דער צוקונפט. פאַרוואָס באַשולדיקט מען אידן אין באָלשעוויזם? ווייל וואו עס ווערט צעשטערט אַן אַלטע וועלט, זיינען מיר דער די-נאַמיט. ווי קאָן אַזאַ דינאַמיש פאָלק פאַרשטאַנען ווערן? מיר זיינען נאָך פאַר דער וועלט אַ געהיימניש. אפילו די בעסטע פון די פעלקער קענען אונז ניט. זיי ווייסן גאַרניט פון אונזער רעאַלן לעבן. זייער באַגריף וועגן אידן איז אַרוים-געלייענט פון אַלטע ביכער. דער לעבעדיקער איד איז זיי פרעמד. די גוים וואָס האָבן ליב אידן, ליבן ניט די, וואָס לעבן איצט, נאָר די אידן וואָס האָבן געלעבט אַמאָל, אָדער קיינמאָל ניט... זיי זיינען באַגייסטערט פאַר דעם לעגענדאַרישן פאָלק. די, ווידער, וואָס האָבן פיינט אידן, האָבן אויך ניט פיינט די לעבעדיקע, נאָר די אויסגעטראַכטע אידן, וואָס מען האָט באַשריבן אין די ביכער — שיילאָק — און אויסגעפויקט אין די ציימונגען — זקני-ציון. די קריסטן וואָס מיינען אַז זיי קענען לע-בעדיקע אידן פערזענלאַך קענען אויך ניט די אמת'ע

אידן, נאָר פאַרגויאישטע מיליאָנערן, וואָס האָבן ווייניק שייכות מיט׳ן אמתן אידישן פאָלק, וואָס דורך זיי ווערן מיר מיספאַרשטאַנען, און אַמאָל אויך מיאוס־פאַר־שטאַנען...

שרייבער: פאַר די גוים זיינען מיר ניט קיין לעבעדיקע מענטשן מיט פרייד און צער, נאָר אַן אידייע. וואָס פאַר אַ באַציאונג קענען מענטשן האָבן צו אַ פרעמדער אידייע, וואָס בלייבט זיי אייביק אומפאַרשטענדלאַך? דאָס וואָס מענטשן פאַרשטייען ניט האָבן זיי פיינט און שרעקן זיך דערפאַר, און ווילן זיך דערפון באַפרייען — אַנטשולדיקט (ווענדט זיך צו דער דאַמע) מיר ריידן אַזוי פיל און איר שווייגט. אפשר ווילט איר אונז זאָגן עפּעס גוטס?

די דאַמע: איך וויל בעסער גוט הערן.

קריטיקער: אין גוטע הערער נויטיקן מיר זיך שטאַרק. אונזער אומגליק איז וואָס די וועלט הערט זיך צו אונז אַזוי ווייניק צו. די וועלט קיים שוין טויזנטער יאָרן וואָס אונזערע טויטע עלטער זיידעס האָבן אַמאָל געזאָגט, נאָר וואָס דאָס לעבעדיקע אידישע פאָלק האָט צו זאָגן, וויל זי ניט הערן... ווי טראַגיש די מענטשהייט איז פאַרשקלאַפט צו די טויטע, און ווי גרויזאַם זי באַנעמט זיך צו די לעבעדיקע... דעם טויטן אידן, וואָס מען האָט געקרייציקט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, פאַרהייליקט מען און די היינטיקע, לעבעדיקע אידן, ווערן פאַרלוימדעט, געשענדט און פאָגראָמירט.

די דאַמע: עס קען זיין אַז דאָס אַליץ האָט אַ טיפערע באַדייטונג ווי מיר קענען פאַרשטיין מיט אונזער באַגרעניצטן שכל... מעגלאַך אַז מען האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען דעם צייכן וואָס די פּאָגראָמען האָבן געגעבן דעם אידישן פאָלק. אפשר ווייזן די פּאָגראָמען, אַז אידן מוזן איינפירן אַ גערעכטן סאָציאַלן לעבן

פריער פון אנדערע פעלקער? אידן מוזן אנהויבן לעבן לויט דעם העכסטן יושר. אויב ניט וועלן מיר מוזן באצאָלן פאַר דער אומגערעכטיקייט פון דער גאַנ־צער וועלט. ווייל מיר זיינען די נשמה פון דער וועלט. אַזוי לאַנג ווי איין איד וועט פאַרמאָגן אַזוי פיל, וויפיל טויזנט גוים וואָלטן געקענט פאַרלעבן, אַזוי לאַנג וועט ליידן דאָס גאַנצע אידישע פאָלק...

שרייבער: פאַרוואָס איז די גאַנצע וועלט קעגן די באָלשעוויקעס? זיי זיינען דאָך ניט קיין אידן?

קריטיקער: פאַרוואָס? ערשטנס, ווייל פונקט אַזוי ווי די אידן, ווילן זיי איבערבויען די היינ־טיקע וועלט; צווייטנס, ווייל זייערע קעגנער ווילן אַ נייע אָרדענונג מיט דער אַלטער אומגערעכטיקייט — אַ רעוואָלוציע אָן דער אָפּשאַפונג פון עקספּלואַטאַציע... דאָס הייסט, וועלן קאָכן אַ פלוימען צימעס אָן פלוימען.

שרייבער: מיט דעם באָלשעוויזם וועט זיך די וועלט איבערבעטן. אָבער וועגן אונז האָבן די פעלקער טויזנט־יאָריקע אַבערגלויבנס. דער אַבערגלויבן אַז אידן זיינען די רייכסטע אין דער וועלט, האָט ניט קיין וואָרצלען אין דער ווירקלאַכקייט, דאָך האָט ער אַזאַ בייזע ווירקונג. וויפל אידן זיינען אמת רייך? דאָס גאַנצע אידישע פאָלק איז אָרעם שוין דערמיט אַליין, וואָס עס האָט ניט קיין אייגענע ערד אונטער די פיס... די אויסנאַמען — אידן, וואָס די וועלט האַלט פאַר רייך, — אין וואָס באַשטייט זייער רייכקייט? מייסטנס אין פּאַ־פּיר. די פעלדער, די וועלדער, די מינען, די שיפן און די באַנען און די פאַרשיידענע ממשותדיקע רייכטי־מער, געהערן צו די גוים. די גרעסטע צאָל אידן פאַרמאָגן בלויז אַ נאָדל מיט אַ שער. אָדער טיגל מיט פעדער... און די וואָס זיינען געלט־פאַרמעגלאָך, די ווערן ניט געהאַסט, נאָר רעספּעקטירט, אויב ניט אַסי־מילירט. די קריסטלאַכע וועלט איז געצוואונגען צו

האלטן פאַר זיי אָפּן די טירן. די טירן און טויערן האַלט מען נאָר, אין איין פאַרמאַכן פאַר דעם אָרעמען, ליידנדיקן פאָלק. דאָס אַלטע טראַגישע פאָלק וואָס ליידט פאַר אַ פאַטאַלער היסטאָרישער זינד — דאָס קריסטענטום.

קריטיקער: פאַר הונדערטער יאָרן האָט דאָס קריסטנטום איינגעפלאַנצט אין די מענטשן זיי זאָלן האַנדלען פאַרקערט ווי זיי גלויבן... כדי די וועלט זאָל זיך באַפרייען פון דער טאָפּל-געשטאַלטיקייט, מוז זי צוריקקומען צום עכטן קוואַל פון וואַנען עס פליסט דאָס אמת מענטשלאַכע. די דערלייזונג פון דער מענטש-הייט קען נאָר קומען דאַן, ווען אַלע מענטשן וועלן זיך אויסניכטערן פון אַלע דאָגמעס און זיך פאַראייניקן אויף דער ריין-מענטשלאַכער רעליגיע — לעבן! . .

שרייבער: אויף מיין וואָרט, דאָס איז אַ גאַנץ גוטע אידייע. איך וועל עס פאַרצייכענען. עס האָט די ווערט, אַז מענטשן זאָלן דאָס וויסן.



# אומבאַשטימטקייט

מיר זיינען פאַרענדערלאַך
און אורטיילן פאַרענדערלאַכע וועזנס.
סענאַק דע מעילהאַז

שרייבער: איידער וואָס, וועל איך אייך דער־וויל איבערלייענען אַ ליד. ניט צום דרוקן, איך האָב עס געשריבן בלויז פאַר זיך —

קריטיקער: אַן אַלטע איינריידעניש. שריי־בער האַלטן אין איין זאָגן, אַז זיי שרייבן פאַר זיך און ווילן די גאַנצע וועלט זאָל זיי לעזן. און אַז מען וויל זיי ניט לעזן, ריידן זיי זיך איין אַז קיינער גייט זיי ניט אָן. פונדעסטוועגן דרוקן זיי זייערע שרייבונגען און פאַרשפרייטן זיי וואו נאָר זיי קענען. וואָס פאַר אַ ניט אויפריכטיקער ווידערשפרוך? פאַרוואָס האָט איר מורא צוצוגעבן אַז איר שרייבט, כדי אַנדערע זאָלן אייך לייענען?

שרייבער: עס וואָלט דאָך ניט געווען אמת. ווייל ווען מען שרייבט האָט מען דאָך ניט אין זינען —

קריטיקער: לעזט, לעזט, וועלן מיר שוין זען וואָס איר האָט געהאַט אין זינען...

שרייבער: אַ לייכט ליד, איר וועט זיך ניט לאַנגווייל... ס׳איז זייער קורץ, איך האַלט ניט פון לאַנגע לידער, ווייל לאַנגע זאַכן, אַנשטאָט זיי זאָלן אייך באַגייסטערן, מאַכן זיי אייך טעמפּ און מיד. לאַנגע זאַכן מעג מען שרייבן אין פּראָזע, אָבער אַ ליד דאַרף איבערגעגעבן ווערן מיט אַזוי ווייניק ווערטער, אַז מען זאָל זיי איבערהויפּט ניט פילן.

קריטיקער: אייער ליד איז אפשר קורץ, אָבער דערפאַר איז אייער פאָררעדע נישקשהדיק לאַנג. ווייסט איר וואָס, לאָזט מיר פריער לייענען פאַר אייך מיין

ל י ר י ש ע  פ ר אָ ז ע. ס׳איז אפילו אַ געפּאַר. איר קענט זיך באַרימען אַז איר האָט מיר געהאָלפֿן שרייבן, אָדער זאָגן אַז איר האָט אַליין געשריבן, נאָר איר זענט געווען אַזוי נאָבעל און עס מיר געמאַכט אַ מתנה... און עס וועלן זיך געפינען גענוג נאַראָנים וואָס וועלן אייך גלויבן, ווייל די מערסטע מענטשן זיינען אַלע מאָל גרייט צו גלויבן שלעכטס אויף אַנדערע.

ש ר י י ב ע ר: גייט שוין, גייט. מאַכט זיך ניט קינדעריש. איך האָב שוין אין מיין לעבן גענוג אוים־געבעסערט מאַנוסקריפּטן און עס איז מיר ניט איינגע־פאַלן צו דערמאָנען אַ וואָרט וועגן דעם. ווען מען טוט פרייוויליק אַ טובה איז געמיין דערנאָך וועגן דעם זיך צו באַרימען. מענטשן וואָס האַנדלען אַזוי זיינען ני־דעריקער ווי ווערים. און מיך וואונדערט איר זאָלט גאָר האָבן אַזאַ פאַרדאַכט. לעזט, איך וויל הערן.

ק ר י ט י ק ע ר: (לייענט)

קיינער האָט אונז ניט אַהערגערופן.
מיר האָבן זיך אַריינגעריסן מיט די עלנבויגנס
און מיט די ציין.
די בלינדע קראַפט וואָס שיקט דעם בליץ
דורך די וואָלקנס און טרייבט דעם שטראָם
פון די וואַסערן טרייבט אויך אונז
מיר זאָלן זיך רייסן, אַליין ניט־ווייסנדיק וואוהין.
מיר רייסן זיך און בייסן איינע די אַנדערע.
און ניט ווי עס ווערט דערציילט אין דער לעגענדע:
אַז אין דער צייט פון הונגער, האָבן די זיבן מאָגערע קי
אויפגעפרעסן די זיבן פעטע; מיר זיינען אַלע מאגער
און מיר פרעסן שטענדיק איינע די אַנדערע,
און קיינער ווערט ניט זאַט... נאָר שאַרפער ווערן די ציין
פון יעדן בים. עס פליסט דאָס בלוט און ווערט באַלד
פאַרטריקנט. און איבער אונז שטייט דער בייזער גאָט פון

הונגער מיט טויזנטער מיילער און קיינמאָל ניט געשטילטע אַפּעטיטן.
און הינטער אונז שטייט דער טויט מיט זיין שוואַרץ מויל און גרויע ציין, וואָס ציען זיך פון ענדלאָך ביז אומענדלאָך.
און אין דערמיט שטייט דער גאָט פון לעבן און שרייט:
איר מוזט זיך יאָגן, איילן! ניטאָ ביי מיר קיין צייט פאַר אייך לאַנג זיך צו פאַרווײַלן!
און מיר איילן זיך און לויפן אוןליידן
צוליב אַן אויסגעטראַכטער פרייד, וואָס גיך פאַרגייט און האַלט אונז אין איין אָפּנאַרן... ...
און מיר פרייען זיך מיט אַ פּיין
וואָס האָט קיינמאָל קיין זין, און וועט אפשר קיינמאָל קיין זין ניט האָבן...
און מיר דולדן אַלץ ווי אמת'ע צדיקים אויף דער וועלט.
און לוין קריגן מיר ווי אויף יענער וועלט די רשעים.
ניט געבעטענע זיינען מיר אַהערגעקומען...
און קיינער דאַרף אונז דאָ ניט האָבן...

ש ר י י ב ע ר: איך וואָלט אייך געוואָלט געבן אַן עצה, אויב איר ווילט וויסן מיין מיינונג. כאָטש איך ווייס אַז קיינעם איז ניט אַזוי שווער צו פאָלגן די עצה פון אַ צווייטן, ווי שריפטשטעלער. ווייל קיינער פאַרשטייט אים ניט אַזוי גוט ווי דער שריפטשטעלער פאַרשטייט זיך אַליין... נאָר ווען איר וואָלט גע־וואָלט מיך פאָלגן, — נאָך וואָס דאַרפט איר אונז געבן אַזעלכע שווערע, אוממאָדערנע זאַכן, שרייבט בעסער קריטיק וועגן אונזערע לידער...

ק ר י ט י ק ע ר: אין קונסט דאַרף קיינמאָל ניט זיין די פראַגע: מאָדערן אָדער ניט מאָדערן, נאָר צי איז דאָס ע כ ט? ... צי האָט דאָס אין זיך לעבן?

ש ר י י ב ע ר: אַנטשולדיקט מיין אומבאַשיידנקייט,

נאָר אויב איר ווילט עכטקייט, וועל איך פאַר אייך לייע־
נען מיינס אַ ליד... (דער שרייבער לייענט):

איך וויל ניט זיין קיין בריק פאַר אייערע לאַנגזאַמע טריט.
און אויך קיין שטויב פאַר אייערע אַלטע ספרים.
איך וויל ניט זיין קיין קאַפּיטל אין אַ דיקן בוך,
און קיין שפּייז פאַר אַלטע פאַרגעלטע ציין.
איך וויל זיין דאָס האַרצקלאַפּן פון יונגע מענטשן.
איך וויל יונגע ווייסע ציין זאָלן זיך צונויפדריקן
פון מיינע ניט אויסגעלעבטע ליידנשאַפטן.
פרישע מיידל ליפּן זאָלן מורמלען
מיינע שטילע אויסגעבענקטע ווערטער.
די נעצן פון אייערע געדאַנקען
וויל איך צערייסן.
אייערע גראָבע ביכער, מיט ווערטער ווי שווערע שטיינער.
וויל איך פאַרניכטן.
די איינריידענישן פון אַמאָל וויל איך אויסברענען
פון אייער זכרון.
אַ נייעם פלאַם וויל איך אין אייך אָנצינדן! —
דעם פלאַם פון מיין פאַרלאָשן בלוט.
זאָל דער צוקונפטיקער שטויבנקלייבער
מיך ניט קלייבן.
איך וויל זיין דער אימפּעט פון פאַרגיין,
און דער אָטעם פון אייביקן לעבן...

קריטיקער: פאַר פילאָזאָפיע איז דאָס צו סענטימענטאַל, און פאַר פּאָעזיע פעלט אינערלאַכע מו־זיק.

שרייבער: די פראַגע דאַרף ניט זיין צי איז דאָס פילאָזאָפיע אָדער פּאָעזיע, דאָס איז שווער צו קלאַסי־פיצירן. דער עיקר, צי עס מאַכט אַן איינדרוק?...

קריטיקער: עס ווענדט זיך וואָס פאַר אַן איינ־

דרוק... איך וועל אייך זאָגן דעם אמת. עס איז זייער נים גוט אַ שרייבער זאָל אַליין פאַרלעזן און וועלן הערן פערזענלאַך אַ מיינונג פון אַ קריטיקער. ווייל דער קרי־טיקער קאָן נים געבן קיין אמת׳ע מיינונג אין דעם שריי־בער׳ס קעגנוואַרט. דער שרייבער שטערט אים מיט זיין אנוועזנהייט. ער באַאיינפלוסט מיט זיין ווילן צו זאָגן אַז ס׳איז גוט — אָדער פאַרקערט.

שרייבער: איר גלויבט גאָר אין טעלעפּאַטיע?

קריטיקער: איך גלויב אין פיל מער זאַכן ווי אייך גלויבט זיך. מעגליך היפּנאָטיזם. מיין דערפאַ־רונג איז, אַז איך דענק אַלעמאָל אַנדערש ווען איך בין אַליין מיט זיך.

שרייבער: ווער שטערט אייך דען איצט? גלויבט מיר — איך האָב אַפילו נים אין זינען געהאַט —

קריטיקער: עס איז נים קיין פראַגע פון די־רעקטן שטערן. איך וויל איר זאָלט מיך פאַרשטיין. ווען אַ דיכטער לעזט מיר אַליין פאַר אַ ליד, דענק איך וועגן דעם אַנדערש, און ווען איך לעז דערנאָך דאָס ליד אַליין פאַר זיך, דענק איך ווידער אַנדערש. אומבאַוואוסט ווירקן מיר איינע אויף די אַנדערע. דעם דיכטער׳ס אנ־וועזנהייט באַאיינפלוסט מיינע געדאַנקען, און מיין אור־טייל איז מער נים פריי —

שרייבער: אויב אַזוי האָט איר נים קיין שטאַנד־פונקט. ווען איר וואָלט געהאַט אייער אייגענעם קרי־טעריום וואָלט אייך קיינער נים געקאָנט באַאייג־פלוסן. אַ קריטיקער איז אַן עקספּערט פון קינסטלערי־שע שאַפונגען, און ער דאַרף נים באַווירקט ווערן פון קיינעם. ער דאַרף האָבן אַ פעסטן שטאַנדפּונקט מען זאָל זיך זיכער קאָנען אויף אים פאַרלאָזן.

קריטיקער: שוין אָפּגערעדט? איצט וויל איך אייך זאָגן, אַז איך וויים פאָראויס, איר וועט מיט מיר נים איינשטימען. עס איז שווער איינצושטימען מיט אַ

יונגן אמת, ווען דער אַלטער אמת איז נאָך ניט טויט... עס איז פאַטאַל, וויפיל מען האָט געשלאָגן דעם דאָגמאַטישן געדאַנק פון אַ שטאַנדפונקט, לעבט ער נאָך אַלץ. אָבער איך וועל אייך פאַרטרויען אַ סוד: ס'איז ניטאָ קיין שטאַנדפונקט. ס'איז בלויז דאָ אַ טרעפפונקט! פון וואַנען ווייס איך אַז דאָס וואָס איך שרייב איז זיכער גוט?... עס איז אמת, אַז צווישן אַלע אומזיכערקייטן איז דאָ אַ געוויסע זיכערקייט. אָבער וועגן דעם רעדט מען ניט. דאָס איז זעלבסט-פאַרשטענדלאַך. וועגן די אומזיכערקייטן איז אַ ניט-דאָגמאַטישער מענטש קיינמאָל ניט זיכער. אַן אידיאָט איז זיכער, ווייל ער ווייסט ניט די גרעניצן פון וויסן און ניט-וויסן. ער מיינט אַז ער ווייסט אַלץ. אָבער אַ שרייבער וואָס טראַכט אַליין, ווייסט אַז אונזער ניט-וויסן איז אומענדלאַך גרעסער, ווי אונזער וויסן. דערפאַר קאָן ער קיינמאָל ניט האָבן קיין שטאַנדפונקט, נאָר צענדליקער שטאַנדפונקטן. און ער האַלט, אַז זיי זיינען ניט פעסטער ווי דאָס לעבן. דאָס פאַרענדערלאַכע לעבן טראַכט אַלעמאָל אוים נייע זאַכן, און דער מענטש טראַכט אַלעמאָל אוים נייע שטאַנדפונקטן.

שרייבער: זעט איר, איך האָב אייך מיט אַ כיוון געלאָזט ריידן און געוואָלט זען וואוהין איר וועט דערגיין מיט אייערע וואַקלדיקע טריט, אָבער איר האָט אַליין באַוויזן אַז איר קאָנט ניט אַרוים פון אייער איי-גענעם קרייז. איר האָט זיך ניט געכאַפּט אַז די אידייע צו האָבן פיל שטאַנדפונקטן, איז דאָך אויך אַ שטאַנד-פונקט... איר קאָנט זיך ניט העלפן, אַזוי איז דאָס: אַ מענטש מוז האָבן אַ שטאַנדפונקט, אפילו ווען ער האַלט ניט פון קיין שטאַנדפונקטן...

קריטיקער: לאָמיך אייך זאָגן, אַז דאָס דער-מאָנט מיך אָן דעם פלפול; אַז דער וואָס זאָגט אַז ס'איז

ניטאָ קיין אַבסאָלוטער אמת. זאָגט אַליין אַן אַבסאָלוטן אמת. און אויב ער האַלט אַז זיין באַהויפּטונג איז אמת, איז דאָך יאָ דאָ אַן אַבסאָלוטער אמת!? מיין פּריינט, דאָס זיינען אַלץ דריידלאַך. אַזוי ריידן מענטשן וואָס דענקען בלויז מיט ווערטער, ניט מיט געדאַנקען... ווען מען דענקט אמת'דיק, דאַרף מען פאַרגעסן די ווערטער און בלויז אין זינען האָבן דעם געדאַנק. און דער געדאַנק זאָגט: אַז יענער מיינט אַז ס'איז ניטאָ קיין אַבסאָלוטער אמת. דער זאַץ פאַר זיך אַליין איז ניט וויכטיק. ענלאַך איז מיט שטאַנדפּונקטן. ווען מען זאָגט, אַז מען האַלט ניט פון אַ שטאַנדפּונקט, מיינט דאָס ניט אַז מען האָט אַ שטאַנדפּונקט ניט צו האַלטן פון שטאַנדפּונקטן, ווי איר ווילט מיר דאָס איינריידן —

שרייבער: אויב אַ קריטיקער האָט ניט קיין שטאַנדפּונקט, איז ווי אַזוי קאָן מען זיך אויף אים פאַרלאָזן? אַ קריטיקער איז אַ מענטש, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלאַך צו דער געזעלשאַפט, ער טאָר זיך אין זיין שרייבן ניט נאָכגעבן זיינע פּערזענלאַכע קאַפּריזן און שטימונגען. ער איז אַ ריכטער פאַר'ן פאָלק. און אויב ער האָט ניט קיין פעסטן קריטעריום, קאָן ער דאָך אַלעמאָל בייטן זיינע מיינונגען, איז ווען וועלן מיר וויסן ווען ער איז גערעכט? און ווי אַזוי וועלן מיר קאָנען גלויבן אין זיין ערלאַכקייט?

קריטיקער: מענטשן ווילן נאָר האָבן אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. דאָס באַווייזט אַז דער פאַרלאַנג, דער צווייטער זאָל זיין זיכער, קומט פון דער אייגענער אומזיכערקייט.

שרייבער: מיט אַ פּאַראַדאָקס קען מען גאָרניט איבערצייגן. מיר דאַרפן וויסן וואו מיר זיינען אין דער וועלט.

קריטיקער: דאָס איז ניט אַזוי לייכט. אין דער פילאָזאָפיע ווייסט יעדער אינטעליגענטער מענטש

אַז די מענטשלאַכע דערקענטניש איז נאָך שפּעקולאַ־טיוו. דאָס הייסט: אומבשאַטימט.. אָבער ווען עס קומט צו דער עסטעטיק, מיינען זיי אַז ס׳איז דאָ אַ באַ־שטימטער קריטעריום. און זיי פאָדערן דאָס פון דעם קריטיקער, אָדער מאַכן זיך אַליין פאַר קריטיקער און ריידן זיך איין, אַז זיי האָבן דעם זיכערן קריטעריום. זיי ווייסן ניט אַז די קריטיק, פּונקט ווי די דערקענטעניש־טעאָריע, איז פאַטאַל פּראָבלעמאַטיש. אויך די קריטיק בלייבט שטיין ביי די גרעניצן פון ניט וויסן.

שרייבער: צו וועמען־זשע זאָלן מיר האָבן צו־טרוי?

קריטיקער: איז דען יענער קריטיקער ער־לאַך, וואָס האַלט זיך ביי איין שטאַנדפּונקט? נעמט אָן אַז איך בין אַן ערלאַכער מענטש, און וויל זיין זייער ערלאַך אין מיין קריטיק, אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב מיט אַ יאָר צוריק געשריבן וועגן אַ שריי־בער אַזאַ און אַזאַ מיינונג, און היינט לעז איך זיינס אַ ווערק, און קריג אַן אַנדער מיינונג? מעגלאַך, אַז דער שרייבער האָט זיך געענדערט, מעגלאַך אַז איך האָב זיך דורך דער צייט געענדערט, דאַרף איך האַלטן אין זינען אַז פאַר־אַ־יאָרן האָב איך וועגן דעם שרייבער געשריבן שלעכט, מוז איך אויסהאַלטן מיין „הייליקן" שטאַנדפּונקט — טאָר איך ניט שרייבן וואָס איך דענק היינט — הייסט דאָס ניט זיך אַליין צווינגען צו ווערן אַ ליגנער?... פּסי־כאָלאָגיש קאָנט איר איינזען אַז מען מוז ווערן פאַלש, ווען מען האַלט זיך אַלעמאָל ביי דעם זעלבן שטאַנדפּונקט! מיר דאַרפן קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז „מיר זיינען פאַר־ענדערלאַך און אורטיילן פאַרענ־דערלאַכע וועזנס". ווי קענען מיר ריידן וועגן זאַכן מיט זיכערקייט אַז אַלץ האַלט זיך אין איין

בייטן. אין דעם מאמענט וואס מירריידן, שטארבן טויזנטער מענטשן, און טויזנטער ווערן געבוירן. טויזנטער שטערן ווערן אויסגעלאשן און אנדערע ווערן אנגעצונדן. און עס קען זיין אז אין דעם מאמענט מאכט א מענטש אן ערפינדונג וואס וועט איבערבייטן די גאנצע מענטשלאכע קולטור צוזאמען מיט אלע אונזערע אורטיילן און פאראורטיילן. נאר ליגנער און טעמפע מענטשן קאנען אלע מאל זיין זיכער און אויסגעהאלטן. זיי באשטימען איינמאל א מיינונג וועגן א זאך, און האלטן זיך שוין דערביי זייער גאנץ לעבן. אונזערע פוילע קריטיקער האבן באשלאסן אז די עטלאכע רעקלאמירטע זיינען גרויסע שרייבער, וועלן זיי זיך האלטן מיט זייער באשלוס דעם גאנצן לעבן לאנג. זיי האלטן זיך ניט פאר „שוואכע מענטשן, וואס בייטן זייערע מיינונגען"... נארישקייטן. דאס זיינען טויטע מענטשן, מיט טויטע געפילן — און נאך טויטערע געדאנקען. ווייל אלץ וואס לעבט, ש א פ ט  ז י ך  א י ב ע ר ... דער מענטש איז ניט קיין אויסנאם, זיינע מיינונגען — אודאי ניט. וואס באוועגלאכער א מענטש איז, אלץ ערלאכער איז ער צום לעבן, און אלץ איבערשאפנדער איז ער אין זיך, און אין זיינע מיינונגען... די מענטשן וואס האבן פארלארן דעם כח זיך איבערצושאפן, האבן מער גארניט צו טאן מיט ליטעראטור... מער פון אלעמען דארף א קריטיקער קאנען זיך אליין איבערשאפן, כדי צו קאנען זיך באהעפטן מיט דעם שאפן פון אנדערע... ערלאכקייט דארף א קריטיקער באווייזן מיט זיין פערזענלאכקייט. שטאנדפונקטן האבן ניט קיין ווערט, פ ע ר ז ע נ ל א כ ק י י ט  איז די  מ א ס  פ ו ן  א ל ע  ו ו ע ר ט ן ...

ש ר י י ב ע ר: אזוי, פערזענלאכקייט גאר? אט איז טאלסטאי געווען א פערזענלאכקייט, און איר זאגט אליין אז ער האט געשריבן שלעכטע קריטיק!?

קריטיקער: איר האָט זיך פאַרפּלאָנטערט מיט אַ טעות. אמת, אַז טאָלסטאָי איז געווען אַ פּערזענ־לאַכקייט. איר דאַרפט אָבער ניט איבערקערן דעם שלום פון דעם געדאַנק. אַ קריטיקער מוז זיין אַ פּערזענ־לאַכקייט. אָבער אַ פּערזענלאַכקייט מוז ניט נויטיקער־ווייז זיין אַ קריטיקער. צו שרייבן קריטיק דאַרף מען האָבן גאָר אַ באַזונדערן טאַלאַנט. קריטיק, דאַרפט איר וויסן, איז דאָס הייליקע לאַנד, וואו ניט יעדער שאַכער־מאַכער ווערט אַריינגעלאָזן. אויפ־גענומען צו ווערן אין יענעם לאַנד, דאַרף מען זיין אַ געליטערטער מענטש און זיך באַציען צו דער קונסט, ווי אַ פרומער צו זיין רעליגיע.

שרייבער: איר רעדט אַזוי פיל און איר פאַר־ענטפערט ניט די הויפּט פראַגע —

קריטיקער: די הויפּט פראַגע וועט מען אפשר קיינמאָל ניט פאַרענטפערן —

שרייבער: איך מיין ניט בכלל, איך מיין בנוגע קריטיק. זאָגט מיר, פון וואַנען זיינען מיר זיכער, אַז די קריטיקער נוצן ניט אויס זייער קריטיק פאַר פּערזענלאַכע צוועקן?

קריטיקער: די וואָס טוען דאָס, זיינען ניט קיין קריטיקער, נאָר ליטעראַטור לאַקייען און רעקלאַמירער, וואָס שרייבען בלויז צוליב קליינלאַכע אַמביציעס. דער קריטיקער וואָס האַלט טייער זיין קונסט, וועט ניט מיסברויכן זיין שאַפן צוליב קיין זאַך אין דער וועלט. ווען ער שאַפט איז ער ניט דער קליינלאַכער מענטש — נאָר אַ שליח פון דער אייביקייט...

שרייבער: אַזוי זענט איר שוין. ווען מען פרעגט אייך אַ האַרבע פראַגע, אַנטלויפט איר צו דער אייבי־קייט... וואָס טויג מיר אייער גאַנצע אייביקייט, אַז שטאַרבן מוז מען? אַז דעם מענטשנס צייטיק־ווערן איז בלויז פאַר'ן קבר. אַז דאָס איינציקע זיכערע, וואָס דער

מענטש קאָן אין לעבן דערגרייכן מיט זיין אייגענעם ווילן, איז דער טויט... ווייטער איז ער דער שקלאַף פון צופאַל!...

קריטיקער: איך זע, אַז איר ווערט אַביסל אויפגערעגט. גלויבט מיר, עס לוינט זיך ניט זיך אויפצורעגן איבער קיין זאַך. לאָמיר זיך בעסער אַביסל אָפּרוען, וועלן מיר צוקריגן פרישע ענערגיע און פאָרטזעצן אונזער געשפּרעך.



# אייביקייט

קריטיקער: איר האָט, דאַכט מיר, פריער געזאָגט, אַז דעם מענטשנס צייטיק־ווערן איז בלויז פאַרן קבר. פונדעסטוועגן זעען מיר דאָך אַז דער מענטש פאַראינטערעסירט זיך מיט אַלץ, גלייך ווי ער וואָלט געלעבט אייביק...?

שרייבער: איך מיין, אַז דאָס איז בלויז אַ שיינע זאָגעריי, אַ שיינע אילוזיע... ווייל ווי קאָן מיר אין דער אמת'ן עפּעס אָנגיין אַז איך און אַלץ מוז פאַרגיין?... אַז די אַלע מענטשן וואָס איך זע אין די גאַסן, אויף בעלער, אויף באַנקעטן, אויף חתונות, זעען מיר אוים ווי באַוועגלאַכע שאָטנס. און באַלד וועלן זיי פאַרגיין. וואוהין? ווער ווייסט? איין זאַך ווייס איך: אין פופציק יאָר אַרום וועלן זיי שוין דאָ ניט זיין. און וואָס איז פאַר מיין געדאַנק פופציק יאָר? אפילו טויזנט יאָר?... מיט איין בליץ פון מיין פאַנטאַזיע שפּרינג איך אַריבער אַן אייביקייט. די אַלע טויזנטער דורות וואָס האָבן געלעבט לעבן און וועלן ערשט געבוירן ווערן צו לעבן, זע איך שוין טויטע. פאַרגאַנגלאַכע שאָטנס — — —

און איך אַליין — באַלד וועט מען מיך אַוועקטראָגן ערגעץ אויף אַ פעלד, מיך אַריינלייגן אין אַ גרוב, אַלע וועלן אַוועקגיין און מיך לאָזן ליגן אונטער אַ בערגל ערד איינעם אַליין... נו, וואָס קאָנט איר מיר העלפן מיט אייער קריטיק? קאָנט איר מיט אייער גאַנצער חכמה מיר דערקלערן וואָס איז דער צוועק פון דעם אַלעם? וואָס איז דער ציל פון מיין זיין? און וואָס איז דער זין פון דער גאַנצער נאַרישער אייביקייט...

קריטיקער: קיין צוועק. עס איז נאַטירלאַך, אַז

מיר, די ע נ ד ל א כ ע, זאָלן פרעגן דעם צוועק פון דעם א ו מ ע נ ד ל א כ ן. ווייל מיר זיינען באַגרע־ניצט... און ווילן אַריבערגיין די גרעניץ... אָבער די אומענדלאַכקייט האָט קיין צוועק ניט. זי איז גרע־ניצלאָז, און אפשר אַליין דער צוועק אין זיך.... צוועק איז אַ סוביעקטיווע גרעניץ, געשאַפן פון מענטשן. דער מענטש האָט אים באַשאַפן ווייל אים ציט צו דעם אומענדלאַכן... ווייל ער קומט פון דעם אומענדלאַכן. קיין געדאַנק שטעלט דעם מענטשן ניט צופרידן, ווייל זיין נשמה גייט ווייטער ווי אַלע געדאַנקען... וואָלט דער רוים געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס, וואָלט זי אים אַריבערגעשפּרייזט. מיין נשמה בלייבט אַלעמאָל הונ־געריק, ווייל זי קאָן זיך נאָר זעטיקן מיט דעם אומענד־לאַכן... מיר ווילן זיך אויסציען ביז צו דעם אייביקן. כאָטש מיר ווייסן ניט וואָס דאָס איז... דאָס באַווייזט אַז מיר קומען פון דעם אייביקן און גייען אַהין צוריק... ווארים אַלץ גייט צוריק פון וואַנען עס קומט... אָבער דער מענטש גלויבט נאָך ניט אין דעם אייביקן, ער שרעקט זיך נאָך, איז אומזיכער און אומרואיק. ער איז אומזי־כער ווייל ער האָט זיך נאָך ניט באַהעפט מיט דער וועלט. וואַרפט ער זיך פון דער וועלט צו זיך, פון זיך צו דער וועלט... און געפינט ניט קיין רו. דאַמאָלט, ווען דער מענטש פאַראייניקט זיך מיט דער וועלט, פילט ער די גרויסע פרייד. ווען ער רייסט זיך פון דער וועלט און ציטערט פאַר זיין איך, פילט ער זיך ענג — און אין ענגשאַפט קאָן ניט וואַקסן די גרויסע פרייד...

ש ר י י ב ע ר: ווי אַזוי קאָנען מיר ריידן וועגן דער גרויסער פרייד, אַז אין אונזער האַרץ איז דאָ אַ וויג פון שרעק, וואו עס וויגט זיך דער טרויער פון טויט...?

ק ר י ט י ק ע ר: פאַרוואָס זאָל זיך דער מענטש אַזוי שרעקן פאַר׳ן טויט? אפשר פירט דער טויט צו

דער העכסטער פרייד? אפשר באהעפט זיך דער מענטש דורכן טויט צוריק מיט דעם גאנצן אוניווערז? מיר ווייסן דאך, אז דער מענטש האט אין זיך אלץ: דעם הימל און די ערד, דעם אינזעקט און דעם היפאפאטאם, דעם פיש און דעם אדלער. איז דאך מעגלאך, אז נאכ'ן טויט ווערן מיר צוריק פאראייניקט מיט אלץ. מיט דעם גאנצן זיין. אלץ וואס בלייבט איז די מורא: אפשר וועט פארלוירן גיין אונזער אינדיווידועלער באוואוסטזיין. אבער וואס דארפען מיר אזוי ציטערן איבער אונזער באוואוסטזיין? אפשר שטערט ער אונז צו דער העכסטער פרייד? לאמיר נעמען א ביישפיל פון אונזער איצטיקן לעבן. וועלכער מענטש איז גליקלאכער, — דער וואס גיסט זיך צוזאמען מיט אלץ וואס לעבט, אדער דער וואס לעבט אפגעזונדערט פון אלץ? זיכער פילט דער די גרויסע פרייד, וואס פארגעסט אן זיין אייגענעם איך, און באהעפט זיך מיט'ן גאנצן לעבן. פארוואס זאלן מיר ניט קאנען גלויבן אז ווען מיר וועלן זיך אויפלייזן, וועט ערשט פארקומען די אמתדיקע באהעפטונג מיטן גאנצן זיין? מיר זעען דאך, אז אין יעדער גרויסער פרייד פארגעסן מיר אן זיך. ווען מיר זעען א קונסטווערק, אדער ווען א קינסטלער באגייסטערט אונז מיט שפילן, אדער זינגען, פארגעסן מיר אן זיך און באהעפטן זיך מיט דעם איי-ביקן. אין יעדן עקסטאז פארגעסן מיר אן זיך און דערפילן דאס אומבאקאנטע. דאס אייביקע. יא, ווען מיר ווערן פריי פון אונזער אייגענעם באוואוסטזיין, ווערט אונז גוט. אויב אזוי איז דאך ווערט זיך צו ווינשן מיר זאלן באפרייט ווערן פון אונזער באוואוסטזיין. איז פאר-וואס זאלן מיר זיך שרעקן פאר'ן טויט? אפשר וועלן מיר דורך דעם טויט דערגיין צו דער פארגעסנקייט און אויף אזא אופן צו דער העכסטער פאלקאמענקייט?

שרייבער: אייער טעות איז, וואס איר בויט

די אַלע געדאַנקען אויף אפשר׳ס. אויף אפשר׳ס קאָן יעדערער באַשאַפן גאַנץ נייע וועלטן. דאָס איז בלויז פאַנטאַזיע שפּילעריי. די פראַגע איז, וואָס איז? וואָס לערנט אונז די דירעקטע דערפאַרונג —

קריטיקער: מיט אונזער דירעקטער דערפאַרונג אליין קאָנען מיר ניט גיין ווייט. זי איז באַגרעניצט. מיר מוזן נעמען צו הילף אונזער פאַרשטעלונג, וואָס זעט אויך דורך דערפאַרונג, נאָר דורך אַ פיל ווייטערער און עלטערער דערפאַרונג ווי פון אונזער באַגרעניצטן „איך". מיט דער פאַרשטעלונג קאָנען מיר דערזען אַ שיין פון דער אייביקייט... פאַרשטעלונג איז דער סוד פון נבואה... און אונזערע מאָדערנע נביאים, די פילאָזאָפן, זאָגן אונז, אַז ס׳איז מעגלאַך אַז מיר בלייבן מיר, נאָכדעם ווי מיר גייען אַריבער די גרעניץ פון לעבן...

שרייבער: די צרה מיט די היינטיקע פילאָזאָפן איז, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן פונקט פאַרקערט. אַנשטאָט זיי זאָלן אָנהויבן צו זוכן מיטלען ווי אַזוי צו באַזיגן דעם טויט און העלפן דאָס לעבן, ווילן זיי גאָר איינריידן אַז ס׳איז ניטאָ וואָס זיך צו שרעקן פאַר׳ן טויט. זיי ווילן אַלץ פאַרגלעטן און פאַרלייקענען, אפילו די גרויזאַמסטע רעאַליטעט — די מורא פאַר׳ן טויט. קיין וואונדער. דער טויט איז אַזוי אוממעגלאַכדיק שרעקלאַך, אַז די מענטשן קענען אים אפילו ניט אָנערקענען, נאָר זוכן אַלע מעגלאַכע און אוממעגלאַכע מיטלען אים צו פאַרלייקענען. אָבער מיט׳ן פאַרלייקענען דעם טויט, פאַרלייקנט מען אויך דאָס לעבן... בעסער איז יאָ צו אָנערקענען דעם טויט און צו פאַרהייליקן דאָס לעבן, איידער אָנצונעמען אַן אויסגעטראַכטע אומשטערבלאַכקייט און צוליב דעם פאַראומווירדיקן און פאַרשאַכערן דאָס רעאַלע לעבן. שטעלט אייך פאָר, וואָס וואָלט זיין אַז מיר זאָלן שוין אויסגעפינען, אַז מיר זיינען אויף

אַן אמת אומשטערבלאַך ? — — — וואָלטן מיר ערשט דאַמאָלט געקענט מאַכן די אמת׳ע געניאַלע מלחמה! מיט נאָך מער באַמבעס! מיט מער גיפטיקע גאַזן! דאַמאָלט וואָלט פאַר דער מענטשהייט געווען אַ גרויס גליק! מען וואָלט אַפילו פּרויען און קינדער געקענט שיקן אין די טראַנשייען! מען וואָלט דאָך געווען זיכער אַז דורך די טראַנשייען שיסט מען זיי גלייך אין הימל אַריין. די איינציקע וואָס וואָלטן ניט געוואָלט גיין אין דעם הימלשן גן עדן, וואָלטן געווען די פילאָזאָפן. זיי וואָלטן געהאַט אַן אויסרייד: מיר דאַרפן שרייבן ביכער וועגן דער אומשטערבלאַכקייט...

קריטיקער: ווי איך זע, האָט איר שוין אָנגענומען אַן איראַנישן טאָן, און דאָס האָב איך ניט ליב. אין אַ געשפּרעך דאַרף איראָניע קיינמאָל ניט באַנוצט ווערן. דאָ האַנדלט זיך וועגן זייער אַן ערנסטער פראַגע — לעבן און טויט. און איך וויל אייך זאָגן, אַז דער טויט טוט גוט אין איין פּרט: ער דערנענטערט צום ריינעם אמת. און די לעבעדיקע מענטשן קענען דאָס זען און עפּעס דערפון לערנען. ווען דער מענטש לעבט, רעדט ער זיך איין אַז ער איז שטאַרק, אַז ער איז גרויס, אַז ער איז זיכער; קומט דער טויט און באַווייזט, אַז ער איז ניט זיכער, אַז ער איז שוואַך, אַז ער איז קליין. און ער האָט זיך גאָרניט וואָס איבערצונעמען מיט אַלע זיינע אויפטואונגען. ווייל גיט נאָר אויף אים אַ הויך דער אָטעם פון טויט, בלייבט ער ליגן אַן אומבאַהאָלפן שטיק פלייש.

שרייבער: דערמיט אַליין באַווייזט איר, אַז דער טויט איז אַ שרעקלאַכער מאָנסטער. ער קומט און צעטרעט און דערנידעריקט דעם מענטשן. דער מענטש, וואָס האָט געליבט און געפיינט, געלאַכט און געטרויערט, ווערט מיט אַמאָל אומבאַוועגלאַך ווי אַ וואַסער וואָס האָט ניט קיין שטראָם. דער טויט קומט מיט זיינע שאַרפע

נעגל און רייסט אַרויס דאָס, וואָס האָט געמאַכט דעם מענטשן שיין. און לאָזט ליגן אַן עקלדיק שטיק פליש, וואָס הויבט אָן צו פוילן. הייסט דאָס ניט דערנידעריקן דעם מענטשן? אפילו דעם גרעסטן חכם מאַכט דער טויט פאַר אַ גולם!

קריטיקער: ער קען אָבער דעם לעבעדיקן מענטשן מאַכן פאַר אַ חכם. ווער קען זאָגן אַז אַלץ וואָס דאָסטאָיעווסקי האָט אונז געגעבן, האָט זיך פאַר אים ניט אַנטפּלעקט דורך דעם ליכט פון טויט? דער שיין פון טויט אַנטפּלעקט פאַר אונז וואונדער. אין יעדער גאַס, נעבן יעדן בריווקאַסטן, האָט מען באַדאַרפט אוועקשטעלן אַ סקעלעט. און יעדן מאָל ווען מענער און פרויען גייען אוועקשיקן זייערע ליבעס־בריוו, זאָלן זיי דערזען דעם טויט פאַר זייערע אויגן און זיך דערמאָנען, אַז דאָס לעבן וואָס זיי לעבן און מיינען אַז עס איז אַזוי וויכטיק, איז אַ טעות. אַ פאַרבלענדונג. דאָס אמת'ע לעבן וואַרט מען זאָל עס ערשט באַשאַפן.

שרייבער: ווען מען אָבער קענען אַנט־שאַפן דעם אומזיניקן צונויפפאַל פון גייסט און מעכאַנישער סובסטאַנץ, וואָס איז שטענדיק אונטערגעוואָרפן אונטער אורזאַך און עפעקט? דער ווידערשפּרוך פון קערפּער און גייסט ווייזט זיך צום שטאַרקסטן אַרויס ווען דער מענטש ווערט אַלט, און זיין גייסט ווערט רייף און יונג. דעמאָלט וויל דער גייסט אַריינעמען אין זיך וואָס מער לעבן. ער וויל זיך באַהעפטן מיט'ן גאַנצן קאָסמאָס. אָבער ער דערפילט זיך ווי אַ געבונדענער אָדלער, וועמען מען האָט אַריינגעוואָרפן אין אַן אַלטן פאַרזשאַווערטן קאַסטן. און ווען דער קאַסטן צעפאַלט איז שוין אַלץ צו שפּעט...

קריטיקער: זעט איר, איך בין דאָך אויך מער ניט ווי אַ מענטש, דאָך פיל איך די סיטואַציע גאַנץ אַנדערש. ווייזט אויס אַז אפילו דעם טויט פילן ניט

אַלע מענטשן גלייך. ביי טייל מענטשן איז דאָס אַ נאַ־טירלאַכע זאַך, אַזוי ווי גיין שלאָפֿן נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. און ביי אַנדערע איז דער טויט, דער שרעק פון זייער לעבן. זעט איר, איך שרעק זיך ניט פאַר'ן טויט. איך וועג דאָס גליק פון לעבן אַנטקעגן דעם אומגליק פון שטאַרבן, און איך פיל אַז דער פאַרלוסט איז ניט קיין גרויסער. די מאַפּע פון לעבן ליגט פאַר מיר אויס־געשפרייט. און איך זע מיט אַ בליק פון טויזנטער יאָרן: די קוואַלן צו וועלכע איך האָב די מענטשן צוגעפירט האָבן זיי פאַרוואָרפן מיט שטיינער. דעם גאָרטן וואָס איך האָב פאַר זיי געפלאַנצט, האָבן זיי געלאָזט פאַר־וואַקסן מיט ווילדע גראָזן. די טעמפלען וואו איך האָב תפילה געטאָן זיינען געוואָרן פאַרוויסט. און די געטער זיינען פאַרשוואונדן. דאָרט וואו איך האָב געוואָלט רייזן איז ניט געווען קיין וועג, און וואו ס'איז יאָ געווען אַ וועג, האָט מען אים ניט געלאָזט פריי. וואו איך האָב געוואָלט אַריבערגיין איז געווען אַ גרעניץ מיט אַן אָפּ־גרונט. דער איינציקער וועג וואָס מיר איז געבליבן פראַנק און פריי איז דער וועג צום לאַנד פון טויט.

ש ר ײ ב ע ר: זעט איר, אפילו לויט אייערע איי־גענע רייד קומט אויך אויס אַז ס'איז ניטאָ קיין טרייסט קעגן דעם טויט. וואָס וועט מיר ארויסקומען אַז איך וועל זיך מאַכן פאַר אַ חכם און זאָגן איך בין גלייכגילטיק צום טויט, אַז איך אַליין פאַרביים שטילערהייט מיט די ליפּן, ווען איך טראַכט: איך וועל מוזן אויפהערן זיין... דער בודאאיזם העלפט דאָ ניט. און די אַלע קלוגע ווערטער וואָס איך האָב געלייענט אין די ביכער פון פּלאַטאָ, מאַרק אורעל, עמיעל, טאָלסטאָי און מעטער־לינק, האָבן מיר אויך קיין אמתע טרייסט ניט געגעבן. יעדער איינער שטרענגט זיך אָן צו טרייסטן דעם צווייטן, — זאָל זיין כאָטש מיט אַ ליגן — ווייל ווען מיר טראַכטן

פון טויט האָבן מיר רחמנות אויף אַלע לעבעדיקע באַ־
שעפענישן און ממילא, אומדירעקט, אויף זיך אַליין.

קריטיקער: אַז איר זענט געוואָרן ערנסט, ווייל איך אייך פרעגן, האַלט איר גאָרניט פון דער פּסיכישער פאָרשונג?

שרייבער: זייער אַ סך. איך האַלט אַז די גרעסטע צאָל ספּיריטואַליסטן זײַנען ספּיריטועל ניט נאָרמאַל. און די נאָרמאַלע נוצן דאָס אויס פאַר סענסאַציע און אַנדערע צוועקן. אָבער דערמיט העלפן זיי נאָך מער פאַרפּלאָנטערן דעם מענטשלאַכן שכל.

קריטיקער: איר קוקט אויף דער פראַגע מיט בלויז פאָראורטייל. וועגן אַזעלכע זאַכן דאַרף מען ערנסטער זיך פאַרטראַכטן. דענקט איר ניט, אַז אונטער די אַלע פּסיכישע דערשיינונגען איז אפשר פאַרבאָרגן אַ וואונדערלאַכע קראַפט? די פּסיכישע פאָרשער טוען אַ וויכטיקע אַרבעט. זיי זוכן אויסצוברייטן די מענטשלאַכע דערפאַרונג. אויב זיי זאָלן אפילו אויסגעפינען אַ קליינעם טייל וואָס זיי זוכן, וואָלטן זיי דאָך שוין דערפירט נענטער צו דער פאַרווירקלאַכונג פון דעם מענטשנס קאָלאָסאַלן טרוים. אויב זיי וועט ניט געלינגען, וועלן זיי מיט זייער פאָרשן פאַרטיפן און באַרייכערן די וויסנשאַפט פון פּסיכאָלאָגיע. פאַרלירן דורך פאָרשן קען מען גאָרניט, געווינען אַ סך. מיר קאָנען געווינען די אייביקייט און דורך איר, רו און פאָלקאָמענקייט....

שרייבער: איר רעדט ווי אַ מעטאַפיזיקער. וואָס טויגן די אַלע שיינע רייד? פרייד. אייביקייט. פאָלקאָמענקייט. אומבאַהאָלפענע שפּעקולאַציע! אַזוי לאַנג ווי דער מענטש וועט ניט קאָנען באַפעסטיקן זיין אייגענע אייביקייט, אַזוי לאַנג וועט ער זיין פאַרלאָרן... אַזוי לאַנג וועט ער האַסן דעם טויט. און זיין לעבן וועט ניט האָבן קיין זין, און עס וועט ניט מעגלאַך זיין קיין אמת'ע פרייד... ווייל אונטער יעדער פ ר י י ד

ליגט אומבאוואוסט דער טרויער פון דעם ניט וויסן פון וואנען מיר זיינען געקומען און וואוהין מיר גייען —

קריטיקער: אבער איך זאג אייך, עס וועט קומען א צייט ווען דער מענטש וועט אויפוואכן צו דעם פארברעכן פון טויט. דאמאלט וועלן מענטשן ניט פירן קיין קריג צוליב פרייהייט, אדער צוליב אנדערע אידעאלן, נאר זיי וועלן פירן א מלחמה קעגן טויט! פאר דער אייביקייט... גאנצע ארמייען וועלן ארגאניזירט ווערן צו באשיצן און אויפצוהאלטן דעם מענטשנס לעבן!.. און די מענטשן וועלן ווערן אומפאלקאמענע געטער...

שרייבער: איר רעדט מער ניט ווי א קריטיקער, נאר ווי א וויזיאנער. ווי אזוי וועט איר קאנען אפהיטן דעם מענטשנס לעבן, אז דער מענטש לעבט שטענדיק צווישן צוויי אומענדלאכע ים'ען. איין ים פון זיין און א צווייטער ים פון פארגיין. פון ווערן נישט... און יעדער מענטש פילט אין זיך ביידע אין דער זעלבער צייט. ער פילט אז ער איז עפעס און גארנישט צוזאמען.... ווייל מיט יעדער מינוט האלט דער עפעס אין איין פארגיין און ווען דער מענטש זאל אפילו דערגיין צו דער חכמה פון א גאט, וועט ער די פארגאנגלאכקייט ניט באזיגן. ווייל די פארגאנגלאכקייט איז דער רעזולטאט פון באוועגונג, און באוועגונג איז דאס לעבן און די עסענץ פון לעבן... און דערפאר אייביק...

קריטיקער: מיר דאכט זיך אז איר האט א טעות. דאס זיין איז אויך ניט זיכער. טאקע דורך דער באוועגונג, בלויז די עסענץ פון זיין איז זיכער. די באוועגונג פון זיין שוין ניט. ווייל די באוועגונג פארוואנדלט דעם זיין אין א פארגיין...

שרייבער: איר מוזט דאך אבער צוגעבן אז איך בין דא, אז איך לעב —

ק ר י ט י ק ע ר: איר ווייסט דאָך אָבער ניט וואָס לעבן איז, דערפאַר זייט איר מיט דעם לעבן אַזוי אומזיכער...

ש ר י י ב ע ר: לאָמיר ניט ריידן וועגן לעבן, נאָר וועגן זיין. ווייל אַ ז י י ן מוז דאָך זיין.

ק ר י ט י ק ע ר: צו פאַרשטיין דעם זיין איז, ווייזט אויס, נויטיק צו פאַרשטיין דעם ניט־זיין. ווייל די גרעניץ פון גאָרנישט רירט אָן די גרעניץ פון עפּעס. און ניט נאָר איז דער גאָרנישט נאָענט צום עפּעס, נאָר ער איז די גרעניץ פון עפּעס. נאָר אַזוי ווי גאָרניט קענען מיר ניט באַגרייפן, דערפאַר קענען מיר ניט אינגאַנצן באַגרייפן דעם עפּעס . . .

ש ר י י ב ע ר: הייסט דאָס, אַז אייביק איז בלויז די אומענדלאַכקייט?

ק ר י ט י ק ע ר: ניין, מיר שיינט אַז אויך די אומענדלאַכקייט בייט זיך — דורך אונז... די אומענדלאַכקייט וואָס איר פילט אין דעם מאָמענט, דויערט בלויז אַ מאָמענט... בלויז דער צופאַל שיינט צו זיין אייביק. דער קאַפּריזנער גאָט־צופאַל איז דער שאַפער פון אַלע פאָרמען...

ש ר י י ב ע ר: ער ברענגט אָבער אויך דעם טויט צו אַלע פאָרמען. ווייל פאַרוואָס זאָל אַ זשעני ווי שעלי אַריינפאַלן אין אומזיניק וואַסער און מער ניט קענען לעבן? — פיזיש איז דאָס לייכט צו דערקלערן. וואַסער איז אַריין אין זיינע לונגען, האָט ער ניט געקענט אָטעמען. דערפאַר איז ער געשטאָרבן. אָבער פילאָזאָפיש קאָן מען דאָס ניט פאַרענטפערן. ווייל וואו איז די נויטיקייט, אַז אַזאַ געניאַלער מענטש ווי שעלי זאָל דאַרפען יונגערהייט שטאַרבען דורך אומזיניק וואַסער? פאַרוואָס זאָל אומזיניק וואַסער דאַרפן אָפּשטעלן דאָס לעבן פון אַ זשעני? פאַרוואָס זאָל אַ ביסל גייסטלאָזע פליסיקייט קאָנען אָפּשטעלן די געדאַנקען פון אַ סאַ-

קראַט? אָדער אַ נאַרישער ציגל זאָל קאָנען צעשטערן די וויזיאָן פון אַ שעקספּיר? אָדער קליינע באַצילן זאָלן קענען אויסלעשן דעם געדאַנק פון אַ שפּינאָזאַ?... ווייזט אויס, אַז יעדע דערשיינונג פאָדערט צווייערליי דערקלערונגען: אַ וויסנשאַפטלעכע און אַ פילאָזאָפישע. וויסנשאַפטלאַך שיינט פאַר אונז אַלץ געזעצמעסיק. פי־לאָזאָפיש — אַלץ צופעליק.

שרייבער: מיר שיינט אַז די אייביקייט פון צופאַל איז אויך אומבאַגרייפלאַך. ווי אַזוי קאָן זיין אייביק דאָס, וואָס איז אין זיך אַליין צופעליק? אַ צו־פעליקע אייביקייט איז אַ ווידערשפּרוך אין זיך אַליין.

קריטיקער: אויב דער צופאַל קאָן ניט זיין די איינציקע אייביקייט, קאָן אָבער זיין אַן אייביקע צופעליקייט... און דאָס איז פאַר דעם מענטשן כמעט ווי דאָס זעלבע.

שרייבער: דאָס איז דער מענטשלאַכער טעות. פאַרן מענטשלאַכן שכל זיינען פאַראַן צופעליקייטן, אָבער דער קאָסמאָס אין זיך איז אפשר לויטער געזעץ און האַרמאָניע...

קריטיקער: דאָס וואָלט אפשר געווען ריכטיק ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ טויטן מעכאַניש־באַוועגלאַכן קאָסמאָס. אָבער מיר ריידן וועגן אַ לעבע־דיקער נאַטור. און אויב די לעבעדיקע נאַטור האָט בלויז געזעץ און האַרמאָניע, שליסט זי אין זיך איין אַ באַשטימטן פּלאַן. און דערפאַר אַ באַוואוסטזיניקע אינ־טעליגענץ.

שרייבער: אויב ס׳איז דאָ אַ באַוואוסטזיניקע אינטעליגענץ מיט אַ פּלאַן, קאָן ניט פאַרענטפערט ווערן דאָס פּראָבלעם פון שמערץ און אייביקער פאַרניכטונג... איין גרויסער פיש זאָל איינשלינגען לעבעדיקערהייט הונדערטער קליינע פישלאַך... אָדער איין קלאַס זאָל לעבן פון די ליידן פון אַ צווייטן קלאַס... אויב די נאַ־

טור איז ניט באוואוסטזיניק, ווייסט זי דאָך ניט פון אונזערע ליידן, אויב זי ווייסט יאָ, פאַרוואָס טוט זי דאָס? זי ליידט דאָך אַליין דורך אונז... ווייל מיר זיינען דאָך אַ טייל פון איר? און ווי אַזוי וועט אַן אינטעליגענט וועזן, וואָס איז ניט אָפּהענגיק פון צופאַל, אַרויפצווינגען ליידן אויף זיך אַליין? דאָס איז דאָך אומדענקבאַר. איז שוין לייכטער אָנצונעמען אַז די נאַטור איז יאָ אָפּהענגיק פון צופאַל. די דערפאַרונג ווייזט אונז טאָקע אומענדלאַכע ווידערהוילונג פון צופאַל. מיר קאָנען גאָר אַנדערש ניט באַגרייפן ווי ווידערהוילונג. ווייל אויב דער קאָסמאָס איז אייביק, האָט דאָך שוין אַלץ פּאַסירט אין דער אומענדלאַכער פאַרגאַנגענהייט, וואָס עס וועט פּאַסירן אין דער אומענדלאַכער צוקונפט. און דער גאַנצער פּראָצעס שיינט בלויז אַ אייביקע ווידערהוילונג... מיר קאָנען נאָר האָפן און שפּעקולירן אויף דעם צ ו פ אַ ל , ער זאָל שאַפן אַזעלכע נייע קאָמבינאַציעס וואָס אין דער אייביקייט איז נאָך ניט געווען... דערמיט וואָלט אָבער דער צופאַל געוואָרן אייביקער ווי די אייביקייט אַליין. און דאָ קומען מיר צו אַ לאָגישן אַבסורד. ווייל קיין זאַך קאָן דאָך ניט זיין אייביקער ווי די אייביקייט אַליין. דערפאַר מוזן מיר צוגעבן אַז דער צופאַל, אויב ער איז אייביק, קאָן ניט זיין דאָס ליכט, נאָר דער שאָטן פון דער אייביקייט... ווייל עס מוז פריער זיין אַן עפּעס אויף וואָס דער צופאַל זאָל זיך אויסשפּרייטן... און דאָס פירט צו דעם געדאַנק אַז עס מוז זיין עפּעס אַ נ ד ע ר ש וואָס איז אייביק אויסער דעם צופאַל. אפשר איז די גאַנצע אייביקייט בלויז אונזערע אַן אילוזיע?

קריטיקער: מיר דאַכט זיך, פונקט פאַרקערט. ניט די אייביקייט איז אונזער אילוזיע, נאָר מיר זיינען די אילוזיע פון דער אייביקייט... כאָטש מיר שיינען

ווי אַ רעאַליטעט אין דעם לויף פון פאַרגיין... די טרייסט איז, אַז מיר זיינען אייביק אין אונזער פאַרגאַנ־לאַכקייט...

שרייבער: איך ווייס אַז דאָס פאַרגיין איז אויך אייביק, אָבער אַן אייביקייט וואָס פאַרגייט גייט מיר ניט איין...

קריטיקער: עס מעג אייך ניט איינגיין. עס איז אָבער וואונדערבאַר! עס איז שיין צו טראַכטן אַז מיר זיינען ווי פאַרכשופטע זעגלשיפן, געטריבן פון קאַפּריזנעם ווינט, אויף אַ ים וואָס האָט ניט קיין ברעג... און זיינע וועגן זיינען אומבאַקאַנט... פונדעסטוועגן, דאַרף מען נישט אייביק בלאָנדזשען. דער מענטש דאַרף דערפינדן אַ קאָמפּאַס פאַר דעם ים פון לעבן.

שרייבער: דאָס מענטשלאַכע לעבן קען קיינמאָל ניט געפירט ווערן מיט אַ קאָמפּאַס...

קריטיקער: די ליבע צו דער פרוי?...

שרייבער: די קאַפּריזנע ליבע אַ קאָמפּאַס? ליבע איז אַ צינדן און אַ לעשן צוזאַמען. אַ ווייסער שניי געמישט מיט שוואַרצע פלאַמען. און זי לאָזט אַלעמאָל איבער אַנטוישונג און פאַרדרוס... די ליבע איז צופיל פאַרבונדן מיט טראַגיזם, זי זאָל קענען זיין דאָס ליכט פון אונזער לעבן...

קריטיקער: אויב די ליבע קאָן נישט זיין קיין ליכט, קאָן זי אָבער זיין אַ טריב וואָס זאָל טרייבן צו לעבן און צו שאַפן...

די דאַמע: די ליבע וועט איבערלעבן אַלע שטע־רונגען און דערלייזן די מענטשן!

שרייבער: דעם מענטשן קען קיין זאַך ניט דערלייזן. זיין דערלייזונג איז אפשר אין ניט דערלייזט זיין? זיך באַפרייען וועט דער מענטש ערשט דאַן, ווען ער וועט דערהויבן פילע פון זיינע זינד צו אַ טוגענד.

די דאַמע: (האַלב שפּאַסיק) מיר וועלן אייך דערלייזן! מיר וועלן ווערן אייערע אמת'ע פירער...

שרייבער: אַנטשולדיקט. איך זע אַז איר ווערט אין שפּאַס ערנסט. איך מוז אייך זאָגן אַז פרויען זיינען געווען די ערגסטע פירער. זיי האָבן אַלע מאָל פאַרפירט — ס'איז אַ ליגן וואָס די וועלט זאָגט, אַז מענער פאַרפירן פרויען, די פרוי פאַרפירט אַלעמאָל דעם מאַן... ווי אַזוי קענען פרויען ווערן אונזערע פירער, אַז זיי קענען זיך אַליין נישט פירן? אַז זיי קענען קיינ־מאָל נישט זיין מיט זיך אַליין... אַז מיט זיך זיינען זיי אַלעמאָל פאַרבלאָנדזשעטע? האַ־האַ! פרויען אונזערע פירער! צוליב אַ קאַפּריז וואָלט אַ פרוי חרוב געמאַכט די וועלט...

די דאַמע: (אויפגערעגט) ניט ריכטיק! דער אמת איז, אַז די פרוי האַלט אויף די וועלט! ווען נישט מיר, וואָלט איר שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען —

שרייבער: ס'וואָלט אפשר ניט געווען קיין גרויס אומגליק. ווייל אַלע אומגליקן וואָלטן דאַן אויפגעהערט.

די דאַמע: אָבער אויך אַלע גליקן...

שרייבער: וואָס פאַר אַ גליקן?

קריטיקער: איז ליב האָבן אַ מענטשן ניט קיין גרויס גליק? איז אין דעם ניטאָ עפּעס וואונדערבאַ־רעס? קען דען זיין אַ מער מענטשלאַכע שיינקייט ווי פאַרהייליקן אַ מענטשן? אין דער ליבע ווערט יעדער מענטש הייליק...

שרייבער: איר רעדט ווי אַ קינד. מען דאַרף דעם מענטשנס עמאָציעס פאַרשטיין טיפער. אַ מענטש איז אפשר גאָרניט ווערט מען זאָל אים ליב האָבן. נאָר וואָס דען? דער מענטש האָט אַ באַדערפעניש זיך צו שטעלן פאַר עמיצן אויף די קני. דער מענטש דאַרף ליב האָבן אַ גאָט... נאָר אַזוי ווי ער האָט ניט לעבן זיך קיין גאָט — מוז ער זיך באַנוגענען מיט אַ מענטשן...

## פירער

די דאַמע איז שאָקירט פון דער לעצטער באַמערקונג, זי באַהערשט זיך און הויבט ווידער אָן דעם געשפּרעך מיט זייער אַן ערנסטן טאָן.

די דאַמע: וואָס פאַר אַ מאָדנע מיינונגען עס וואַנדערן אַרום אין מענטשלאַכע קעפּ. וואָס הייסט אַ מענטש האָט ניט די ווערט מען זאָל אים ליב האָבן? ווער דען האָט די ווערט מען זאָל אים ליב האָבן? גאָט? דער מענטש איז גרעסער ווי גאָט... גאָט קאָנען מיר ניט און ווייסן פון אים ניט. מיט מענטשן קאָנען מיר זיך פאַראייניקן און שאַפן דאָס שענסטע פאַר אונזער לעבן —

שרייבער: איר רעדט ווי פון אַ בוך.

קריטיקער: אַנטשולדיקט. הערט וואָס איך וועל אייך זאָגן: פאַראייניקונג שאַפט ניט, נאָר נוצט אויס. זאָל עס זיין די נאַטור אָדער די געזעלשאַפט. איך וויל זיך ניט פאַראייניקן מיט אַנדערע, זיי זאָלן מיך אויסנוצן פאַר זייערע צוועקן. יעדער מענטש איז אַ צוועק פאַר זיך אַליין... דער צוועק פון דער פאַראייניקונג איז ניט צו העלפן דעם איינציקן מענטשן, די פאַראייניקטע ווערן בלויז די פערד-קראַפט וואָס שלעפּט דעם וואָגן פון די פירער... און סוף כל סוף איז ניט קיין אונטערשייד, צי מען ווערט אויסגענוצט פון רעגירער, צי פון פירער... דער פירער, פונקט ווי דער רעגירער, פירט זיך און פירט אַנדערע ביי די נעז, צוליב זיינע אַמביציעס — —

שרייבער: אויב דאָס וואָס איר זאָגט איז געדענקט אמת'דיק, זיינען דאָס בלויז פּערטל אמת'ן.

קריטיקער: פאַר דעם וואָס קאָן דורכזען קאָמ-פּליצירטקייטן, זיינען דאָס גאַנצע אמתן. אום צו זען

א פארשטעלטן אמת, דארף מען זיין פארבארייט זעלבסט־שטענדיק צו טראכטן, און דאס איז שוין באלד אזוי שווער ווי זעלבסטשטענדיק צו לעבן. קוקט זיך גוט צו, ווער איר זעט, וואס ס׳איז געווארן מיט די מענטשן וואס מיר האבן געקרוינט פאר אונזערע פירער. ווי הילפלאז זיי האבן זיך פארפלאנטערט אין זייערע אייגענע אידייען. ווי וואקלדיק זיי האבן זיך ארויסגעוויזן אין זייערע האנד־לונגען פונקט אין דעם וויכטיקסטן מאמענט... פאר זיי זיינען זייערע אידייען נעצן פון שפינוועבס, צו פאר־שפינען דעם גייסט פון דער צייט, בעת פאר אונז זיינען זיי קייטן וואס בינדן אונזערע הענט און פיס, אדער מעסערס וואס שניידן אונז איבער די קעפ.

שרייבער: אויב אזוי זענט איר, הייסט עס, אן אינדיווידואליסט.

קריטיקער: באלד איז דא א נאמען. א פענדל. וואס טויגן מיר נעמען און ווערטער? איך האב פיינט אז מען קלעפט מיר אן א צעטל אויפן שטערן: אינדי־ווידואליסט. איין נאמען האט ניט די זעלבע באדייטונג פאר צוויי מענטשן... איך וויל ניט זיין קיין אינדי־ווידואליסט, אדער סאציאליסט. וואס איך בין ווייס איך אליין ניט. די וואס מיינען אז זיי ווייסן, זיינען איינגע־רעדטע. מיר ווייסן קיינמאל ניט וואס מיר זיינען, און מיר ווייסן אויך ניט וואס אנדערע זיינען. אלץ וואס איך וויל איז זיין א מענטש. א גוטער מענטש. און דאס לאזט מען אין דער היינטיקער וועלט ניט זיין...

שרייבער: אן אינדיווידואליסט קאן זיין א גו־טער מענטש.

קריטיקער: ווי קען א מענטש זיין אן אינדי־ווידואליסט אז ער מוז אמאל ליב האבן א צווייטן? איך ווייס ניט, מיר דאכט זיך, אז ווען אפילו מען זאל עס קע־נען, איז דאס אויך ניט קיין מדרגה. יעדער הפקר־מענטש קאן זיין אן אינדיווידואליסט. צו זיין אן עכטער מענטש

איז עפעס. אַן אינדיווידואַליסט קאָן אויף אַלץ זאָגן: וואָס גייט דאָס מיר אָן? אָבער אַן עכטן מענטשן גייט אַלץ אָן. ער זוכט אַלץ איבערצובויען לויט זיין מוס־טער.

שרייבער: וואָס הייסט ביי אייך זיין אַן עכטער מענטש? האָט דען דאָס וואָרט אַ באַשטימטן זין? זאָגט מיר, זיינען ביי אונז דאָ עכטע מענטשן?

קריטיקער: מיט טרויער קומט אויס צו טראַכטן וועגן מענטשן וואָס לעבן זיך אַליין אַריבער. אויך די גרויסע געשטאַלטן פון אונזער צייט האָבן זיך נאַריש אַריבערגעלעבט. ווי טראַגיש איז ווען מענטשן פריידיקן זייער גאַנצן לעבן געוויסע אידעאַלן, און אויף דער עלטער ווערן זיי אַליין זייערע פאַררעטער. ניט אומזיסט האָט סאָקראַט בעסער אויסגעטרונקען דעם בעכער גיפט, איידער צו בלייבן לעבן אין ספּאַרטאַ און וויסן, אַז ער אַליין האָט פאַרראַטן די אמת׳ן, וואָס ער האָט געפּריידיקט זיין גאַנצן לעבן. אין די אַלטע צייטן האָט סאָקראַט באַוויזן, אַז אַ פילאָזאָף קאָן שטאַרבן פאַר זיין אמת, היינט האָבן אונזערע פירער באַוויזן, אַז זיי קאָנען פאַרראַטן זייערע אייגענע אמת׳ן און שיקן אַנדערע שטאַרבן צוליב זייערע אַמביציעס... די מלחמה האָט באַוויזן ווי ווייניק מענטשן פאַרשטייען דאָס מענטשלאַכע לעבן. ווי ווייניק האָבן אמת׳ע איבערצייגונגען, און ווי שוואַך די איבער־צייגונגען זיינען אפילו ביי די בעסטע פון די שטערב־לאַכע. ווי לייכט מענטשן קאָנען בייטן זייערע אַנשויאונ־גען, ווי שוואַך עס איז דער מענטשלאַכער אינטעלעקט. און ווי וואַקלדיק און בויגיק עס איז דער מענטש אינגאַנצן. די מלחמה האָט אויך באַוויזן ווי פיל מענטשן עס זיינען פאַרפּלאָנטערט אין אויסגעטראַכטע אידייען. אַזאַ גרויסער דענקער ווי קראָפּאָטקין האָט מיטאַמאָל אויסגעדריידלט אַז די אַרבעטער דאַרפן

ווערן שותּפים מיט זייערע הערשער, און צוזאַמען מיט זיי קעמפן פאַר אַ נייער וועלט. צוועלף יאָר פאַר דער מלחמה האָט שוין קראַפּאָטקין געזאָגט:

„איך האָב ניט קיין סענטימענטאַלע געפילן צו דער פראַנצויזישער רעגירונג, וועלכע האָט מיך פאַראורטיילט צו פינף יאָר געפענגעניש. אָבער איך באַדויער בלויז, אַז איך פיל זיך צו אַלט צו קענען נעמען די ביקס אין האַנט, אום צו פאַרטיידיקן פראַנקרייך קעגן אַן אָנפאַל פון דייטשלאַנד. ניט ווי אַ סאָלדאַט פון דער בורזשואַזיע, נאָר ווי אַ רעוואָלוציאָנער אין דעם זין פון די סאַנקילאָטן פון דער גרויסער רעוואָלוציע. לאָמיר פריער מאַכן די רעוואָלוציע און דערנאָך מאַרשירן צום גרעניץ צו פאַרטיידיקן די פרייהייט קעגן אירע שונאים“.

די דערקלערונג האָט אַ גאַנץ אַנדערן זין ווי בעבעל׳ס גיפט-ווערטער, אַז ער איז גרייט צו „מאַרשירן האַנט אין האַנט מיט דער בורזשואַזיע, אום צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד“. בעבעל איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פאַרוואַנזינט די קעפּ פון די סאָציאַליסטן מיט זיין פאָטערלאַנד-מאַניע. בעבעל׳ס בעברייע האָט צוגעהאָלפן דורכפירן דעם גרויסן וועלט-פאַרברעכן. אָבער קראַפּאָטקין האָט אין יענע יאָרן געגלויבט אַז **פריער דאַרף מען מאַכן די רעוואָלוציע**, און אויב אויסערלאַנדישע שונאים וועלן באַפאַלן דאָס לאַנד, דאַרפן די רעוואָלוציאָנערן נעמען ביקסן אין די הענט און פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע. אָבער ווען אייראָפּע האָט זיך אָנגעצונדן מיט משוגעת, און די פעלקער האָבן גענומען שפּילן די טייוולישע קאָמעדיע, האָט קראַפּאָטקין, דער וויסנשאַפטסמאַן, פונקט אַזוי נישט געקענט בלייבן רואיק און פאַרנינפטיק, ווי די אומוויסנדיקע מאַסן. ער איז אַרויס מיט אַ פייערדיקן קריגס-אויפרוף קעגן דייטשלאַנד און געשריבן:

ווי קאָן מען גאָר ריידן אונטער אַזעלכע אומ־שטענדן וועגן פרידן?

טראַכט בעסער וועגן דעם, ווי אַזוי צו שלאָגן די אַרמיי, ווי אַזוי אָפּצושלאָגן צוריק בעלגיע, ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן פּאַריז.

גיכער, ניט פאַרלירנדיק קיין איינציקן טאָג, רעכנט אויס, צייכנט אויס און גיסט אויס גרויסע 20 צאָליקע קאַנאָנען, שפּאַנט זיך אַלע איין — אַלטע פרויען, קינדער — פירט די קאַנאָנען אויף די בערג לעבן פּאַריז און שיסט פון זיי אויף דער אַרטילעריע פון די באַלאַגערנדיקע באַרבאַרן.

אַרבעטנדיק דערויף יעדן טאָג לערנט זיך שיסן אויף זייערע עראָפּלאַנען, טאַובן, כדי אויסצוראַטן די דעראָבערער! אַזוי שנעל ווי זיי האָבן זיך אַריינגע־ריסן אין דער נייטראַלער בעלגיע און האָבן זי אויסגע־ברענט און פאַרניכטעט עקזיסטירט שוין מער ניט קיין „אינטערנאַציאָנאַל רעכט“.

מיט אַזעלכע גייסטיקע קאַנאָנען האָט געשאָסן ניט קיין אַנדערער, ווי אונזער גרויסער לערער, פירער און פאַרטיידיקער פון רעכט און פרייהייט. איז דאָס ניט איי־נע פון די טראַגישסטע דאָקומענטן פון אונזער „ציוויליזירטער“ צייט? קראָפּאָטקין, דער אַלטער אייביק יונגער קעמפער קעגן יעדן הערשער, האָט מיטאַמאָל געקראָגן צוטרוי צו די גרעסטע הערשער פון דער וועלט, און געהייסן די אַרבעטער „גיסן 20-צאָליקע קאַנאָנען“ און קעמפן — ניין, מאָרדן! צוזאַמען מיט די וועלט־מער־דער, פאַר אַ נייער וועלט, ווען זיי האָבן גאָר געפּלאַנט צוריקצוברענגען די גאָר אַלטע... וואָס פאַר אַ חבר׳שאַפט האָט געהאַט דער אַלטער נביא פון דער נייער וועלט, מיט די באַרויבער און פאַראומגליקער פון דער וועלט? דער ענטפער איז: אידייען. קראָפּאָטקין האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין זיינע אידיי־

ען. ער האָט מער נישט געזען מענטשן, ער האָט מער נישט געזען די אומגליקלאַכע מוטערס פון די גע׳הרג׳ע־טע זין אויף די פעלדער. ער האָט מער נישט געזען די פאַרוויסטע דערפער און שטעט, ער האָט פאַרגעסן די פאַרהונגערטע קינדער, ער האָט בלויז געזען פאַר זיינע אויגן פ אַ ל י ט י ש ע אַמביציעס.... אונזערע פירער זיינען פונקט ווי יענער רייזנדער, וואָס איז געקומען צו אַ פאַרוואָרפענעם שבט און זיי געזאָגט:

איר זאָלט וויסן אַז איר לעבט ווי באַרבאַרן. און איר ווייסט ניט פון קיין אמת׳ן גליק. הערט זיך צו צו מיר. איך וועל אייך פירן אין דעם לאַנד פון פראָ־גרעס, וואו איר און אייערע קינדער וועלן זיין גליקלאַך. נאָר איר דאַרפט פאָלגן וואָס איך וועל אייך באַפעלן... נעמט אייער צירונג און צעשמעלצט אויף קוילן. פון אייערע מעטאַלן מאַכט שווערדן און שפיזן און די שאָף און די אָקסן קוילעט אוים און זייער פלייש און זייער פעל פאַקט איין אין גרויסע פעק און בינדט זיי צו צו אייערע פלייצעס. נעמט מיט זיך אייערע זייד געוועבן און אייערע פוטערוואַרגן. אַלץ וואָס האָט נאָר אַ ווערט זאָלט איר מיטנעמען אויפן וועג. נאָר איר זאָלט וויסן: דער וועג איז מיט געפערלאַכע זומפן און אָפּ־גרונטן. איר וועט האָבן אַ געלעגנהייט אַרויסצואווייזן אַזוי פיל העלדישקייט, אַז ס׳וועט זיין צו געדענקען אויף דור דורות. אָבער וואָס מער ליידן איר וועט האָבן אויפ׳ן וועג, אַלץ מער גליק וועט איר און אייערע קינדער האָבן אין דעם גאָלדענעם לאַנד פון פראָגרעס...״ יאָרן לאַנג זיינען די שווער באַלאָדענע געגאַנגען אויף דעם געפערלאַכן וועג. די קעלטן האָבן דורכגענומען זייערע בלוטן און די רעגנס זייערע ביינער. און דער פירער האָט נאָר געשריען: זייט בראַוו! זייט העראָאיש! אָבער טראָץ זייער בראַווקייט און העראָאישקייט, זיינען פיל געפאַלן פון הונגער און מידקייט. אַנדערע זיינען

אויסגעשטאָרבן פון אַלערליי קראַנקהייטן. און די, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין דעם לאַנד פון פּראָגרעס, זיינען שוין געווען צו אַלט און צו אויסגעשעפּט, צו קענען פון עפּעס געניסן... אַנטוישטע און צעבראָכענע זיינען זיי געפאַלן צו דער ערד, און מיט די ציין אַרויסגעקריצט אַ קללה אויף זייער פירער. די געפאַלענע האָט מען באַגראָבן און דאָס לאַנד פון פּראָגרעס האָט צוגענומען זייערע לייבן-פּעל און אָקסן-פעל, און זייער פוטערוואַרג. און זיך אויסגעפּוצט מיט זייערע זייד-געוועבן און באַוואָפנט מיט זייערע שווערדן און שפּיזן — — און ווייטער געשיקט שלוחים צו פאַרפירן אומשולדיקע שבטים. — — מיינע פריינט, די מעשה ציט זיך נאָך ווייטער... נאָר איך קען אייך איצט מער ניט דערציילן. — — ·

שרייבער: דאָס איבעריקע פאַרשטייען מיר שוין אַליין —

קריטיקער: איך צווייפל... מענטשן דאַכט זיך אַלעמאָל אַז זיי פאַרשטייען מער ווי זיי פאַרשטייען — — איך וואָלט געוואָלט איר זאָלט קלאָר איינזען, אַז סוף כל סוף זיינען אַלע פירער און פּאָליטיקער אידייען און אַמביציעס שפּעקולאַנטן — — צוליב זייערע שפּעקולאַציעס וועלן זיי איינשטעלן די גאַנצע מענטשהייט אין קאָן... אפילו פאַראַטן דאָס גאַנצע לעבן אויף דער ערד . . . מען דאַרף ניט דער וואַרטן אַז די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט וועלט-רויב, און פעלקער-מאָרד, זאָלן האַנדלען ווי געטער...

שרייבער: די לאַגע פון די פעלקער איז אַ טראַגישע... צו וועמען זאָלן מיר האָבן צוטרוי? אַז אפילו אונזערע מאָדערנע נביאים האָבן אונז אַנטוישט... עמיצן מוזן מיר זיך דאָך פאַרטרויען!

קריטיקער: מיר דאַרפן האָבן נייע מענטשן. שטאַנדהאַפטיקע מענטשן... מענטשן וואָס זאָלן ניט פאַראַטן דאָס לעבן.

וואָס זאָלן ניט פאַרקויפן דאָס לעבן פאַר קיין פּרייז אין דער וועלט. און אַנשטאָט סאָציאַליזם אָדער אַנאַרכיזם, זאָלן זיי צו אַלעם ערשטן גלויבן אין לעבעניזם! מיר דאַרפן מענטשן וואָס זאָלן פאַרשטיין דעם רעלאַטיווען ווערט פון אידייען, אידעאַלן, און דעם אַבסאָלוטן ווערט פון מענטשן. דער מענטש דאַרף זיין וויכטיקער פון מאַכט, וויכטיקער פון פּראָגרעס, פון אידעאַלן, פון פרייהייט — אפילו פון רעכט!

שרייבער: אויב אַזוי, וואָס וועט ווערן פון דער גאַנצער ציוויליזאַציע? פון אונזער פּראָגרעס?

קריטיקער: א, דער פּראָגרעס! וויפיל לעבנס האָבן שוין זיינע אייביק הונגעריקע ציין אויפגעפרעסן? וואָס פאַר אַ גליקן זעט איר אין אייער פאַרשאַלטענעם פּראָגרעס? אין אייער אוממענטשלאַכער אָנשטרענגונג. פּראָגרעס פירט דערצו, דער מענטש זאָל וואָס מער יאָגן, מער אַרבעטן, מען קראַנקמאַכן זיינע נערוון, און ניט האָבן קיין צייט און קיין רו זיך צו פרייען מיט די פאַר טעג וואָס ער האָט צו לעבן אויף דעם פּלאַנעט. דער אידיאָטישער פּראָגרעס האָט דאָך געמאַכט פון אַרבעט אַ הייליקייט...

שרייבער: ס'איז דאָך אָבער מעגלאַך אַז מיט דער צייט וועט דער פּראָגרעס אינגאַנצן אָפּשאַפן אַרבעט. און געבן אונזער לעבן גאָר אַן אַנדער ריכטונג. דער פּראָגרעס איז דער העראָאישער זין פון לעבן. און מיר דאַרפן זען אַז דאָס לעבן זאָל זיין וואָס מער העראָאיש. דערפאַר דאַרפן מיר אָפּגעבן אַלע אונזערע כחות פאַר'ן פּראָגרעס.

קריטיקער: נאָך וואָס זיך נאַרן? קיין אַקט פון פּראָגרעס קען ניט באַלוינען די, וואָס האָבן צוליב אים געאָפּפערט זייער לעבן. בלייבט בלויז אַ וועקסל פאַר די וואָס דאַרפן ערשט געבוירן ווערן. אָבער פאַר־

וואָס זאָלן לעבעדיקע מענטשן אויפגעבן זייערע לעבנס פאַר די וואָס זיינען נאָך אפילו ניט געבוירן געוואָרן? סיי ווי האַלט יעדער דור אַז זיין לעבן איז ערגער פון די דורות וואָס האָבן זיך פאַר אים מקריב געווען.

שרייבער: דער פראַגרעס איז דען אָפּהענגיק פון אונז? מען פרעגט אונז דען צי מיר ווילן, צי ניט? אַזוי איז דער דראַנג פון דעם קאָסמאָס —

קריטיקער: האָבן מיר, מיט אונזער באַוואוסטזיין, גאָר קיין ווירקונג ניט? זיינען מיר בלויז ווי שטויב אויפ׳ן ווינט? נאָך וואָס האָט אונז די נאַטור געגעבן אַ באַוואוסטזיין? ניט מיר זאָלן דורכפירן אירע פאַרלאַנגען? דער מענטש דאַרף ניט זיין קיין שפּענדל אויף די כוואַליעס פון לעבן, נאָר אַ קאַפּיטאַן, וואָס זאָל דערפירן די שיף צום אינזל פון גליק. מיט אַנדערע ווערטער — צום פראַגרעס —

שרייבער: עס הויבט זיך ניט אָן. קען דען דאָס מענטשלאַכע גליק ניט דערגרייכט ווערן גייענדיק לאַנגזאַם? נאָך וואָס אַזאַ איילעניש? אַזאַ ווילד געיעג? מיר שיינט, מיר האָבן שוין צופיל פראַגרעס. צופיל טעכנישן פראַגרעס, אין פאַרגלייך מיט דער עטיק פון דער וועלט... שטעלט אייך פאַר: ווען אין אַ בייזער נאַכט, וואָלט אַ דייטש דערפונדן אַ מיטל צו פאַרניכטן אַ העלפט פראַנקרייך, דערנאָך וואָלט אַמעריקע געקומען מיט נאָך אַ גרעסערער דערפינדונג, — צו מאַכן אַן ערדציטערניש איבער גאַנץ דייטשלאַנד. די גאַנצע מענטשלאַכע ראַסע וואָלט געווען אין געפאַר! — דאָס וואָלט געווען די פרוכט פון אייער פראַגרעס... מיין פריינט, ס׳איז שוין געקומען די צייט, ווען מען דאַרף קאָנטראָלירן און באַגרעניצן די טעכנישע דערפינדונגען. דער גאָט־פראָגרעס ווערט דער גרעסטער שונא פון די מענטשן. מיר דאַרפן זיך היטן פאַר זיינע טויטנדיקע טריט...

שרייבער: אַן דעם אידעאַל פון פּראָגרעס וועלן מענטשן ווערן קליינלאַך און זיך פאַרנעמען מיט קלייניקייטן.

קריטיקער: עס זיינען סיי ווי ניטאָ קיין גרוי־סע זאַכן פאַר׳ן מענטשן. גרויסקייטן זיינען אויסגע־טראַכט. טרינקען גוטן וויין, אַרומנעמען אַ שיינע פרוי, און טראַכטן שיינע געדאַנקען, איז דאָס שענסטע וואָס אַ מענטש קאָן האָבן אויף דער וועלט. אַלע צוזאָגן פון פּראָגרעס איז אַ שווינדל. פאַלשע וועקסלען וואָס ווערן קיינמאָל ניט באַצאָלט מיט באַרע געלט... אונ־זערע פּאָליטישע טראָמפּייטערס וואָס האָבן ניט קיין זין פאַר׳ן אמת׳ן לעבן, האַלטן אונז אין איין באַזאָרגן מיט פאַלשע לעבנס־וועקסלען.

שרייבער: מיינט איר טאַקע אַז זיי זיינען אומגערעכט? מען דאַרף די מענטשן געבן אַן אידעאַל פאַר וואָס צו לעבן, — אפילו ווען דאָס זאָל בלויז זיין אַן אילוזיע.

קריטיקער: זיי זיינען שוין צופיל גערעכט. נאָך מער, געפערלאַך. איינער פון זיי איז אַ גרויסע געפערלאַכע קראַפט. ער באַלאַנגט צו די פאַרברעכע־רישע טיפּן פון אַ נאַפּאָלעאָן. און אַזעלכע זיינען אַלע־מאָל שעדלאַך. טאַקע צוליב זייער גרויסקייט. וואָס גרעסער אַלץ געפערלאַכער. שטעלט אייך פאָר, ווען איינער וואָלט דערפונדן אַ קראַפט צו פאַרניכטן די גאַנ־צע ערד, וואָלט ער דאָך געמוזט זיין אַ גרויסער מענטש, ער וואָלט אָבער דערפאַר ניט געווען ווייניקער געפער־לאַך. אונזער פּאָליטישער טראָמפּייט איז אויך געווען שעדלאַך ווייל ער האָט גענומען גרויסע טענער. ער האָט טראָמפּייטערט פאַר דער גאַנצער וועלט. ער האָט געוואָלט פאַרזאָרגן דעם מאַרש פון דער געשיכטע. ער האָט זיך ניט געדונגען וועגן פּרייז. זאָל קאָסטן מיט אַ

פאַר מיליאָן מענטשלאַכע קעפּ מער — מענטשלאַכע קעפּ זיינען זייער ביליג.

שרייבער: דאָס איז ביי אים געווען פאַרבונדן מיט אַ אידייע — ער האָט געגלויבט אַז די מענטשהייט פּראָגרעסירט זייער פיל דורך מלחמות —

קריטיקער: ווען מענטשן וואָלטן ניט אַזוי פיל פּראָגרעסירט דורך מלחמות, וואָלטן מיר שוין געווען זייער ווייט אין אונזער אַנטוויקלונג... דער אומגליק איז וואָס ביי אַזעלכע מענטשן איז אַלץ פאַרבונדן מיט אַ אידייע... אָן אַ אידייע זיינען זיי גאָרנישט... זאָגט מיר, איך בעט איך, וועלכע אידייע איז דאָס געווען גרויס, עס זאָל זיך לוינען פאַר איר אויפצואָפּפערן מיליאָנען מענטשלאַכע לעבנס? אפילו ווען מען האָט זיי מיט פאַרשיידענע מיטלען היפּנאָטיזירט צו זעלבסט אויפאָפּפערונג? איז דען אַ גרעסערער אומזין ווי דער הערָאיזם פון לעבנס-אויפאָפּפערונג? אויסלעשן דאָס אייגענע לעבן צוליב אַ אידייע? די אויפאָפּפערונג פון דעם אייגענעם איך, באַווייזט אַז מענטשן זיינען נאָך אַזוי קליין, אַז זיי האָבן קיין גרויסעס ניט צו פאַרלירן... פאַר וויכטיגע מענטשן איז דאָס דער אומזין פון אַלע אומזיניקייטן.

שרייבער: אבער וועגן אונזערע טעאָרעטיקער קאָן מען דאָס ניט זאָגן. זיי זיינען לאָגישע דענקער. און זיי ווייסן דעם ווערט פון מענטשלאַכע ווערטן.

קריטיקער: אונזערע טעאָרעטיקער דענקען קלאָר, אָבער פילן, פילן זיי ווי ציוויליזירטע באַרבאַרן. דענקען, דענקען זיי אָפּגעריסן פון לעבן, זיינען זיי אַזוי קלאָר, ווי מאַטעמאַטיק. נעמען זיי באַרירן ד אָ ס אמת'ע לעבן, פאַרפּלאָנטערן זיי זיך ביז פאַלשקייט, ביז דעם טייוולס מעטאַפיזיק.. אויך זיי ווייסן ניט דעם ווערט פון דעם מענטשלאַכן לעבן. דאָס טייערע לעבן פון יעדן איינציקן מענטשן... אַז ניט וואָלטן זיי

אַזוי שטאַרק ניט פאַרטיידיקט דעם פּראָגרעס וואָס מען קויפט אים מיט בערג מ ע נ ט ש ל אַ כ ע ס ק ע ־ ל ע ט ן . . . זיי וואָלטן ניט געווען אַזוי צופרידן פון די פּראָגרעסיווע ג ע ו ו י נ ס ן וואָס זיינען געקומען „דורך פייער און בלוט...‟ — איר האָט אַ ציגאַרעט ?



# מלחמה

דער שרייבער דערלאַנגט אַ ציגאַר דעם קריטיקער. ער באַט אַז אַ ציגאַרעט דער דאַמע. זי ווייזט צוריק מיט דער באַמערקונג :

די דאַמע: איך האָב ניט ליב נאָכצוטאָן מענערישע נאַרישקייטן...

שרייבער: דענקט איר ניט אַז די אויפגאַבע פון די טעאָרעטיקער איז אַריינצוברענגען אַ זין אין דעם וועלט-אומזין... און צו געפינען אַ רעכטפאַרטיקונג —

קריטיקער: איך וויים, זיי זוכן אַ רעכטפאַרטיקונג פאַר דער מלחמה. כדי צו ראַטעווען די פאַרדעכטיגע קולטור... אַז ניט איז דאָך אין געפאַר זייער אויסגעטראַכטער גאָט — פּראָגרעס!... אָבער ווי וועט זיין, ווען מיר וועלן אויסגעפינען אַז מלחמה קען מיט קיין זאַך ניט גערעכטפאַרטיקט ווערן? און אַז די קולטור איז ניט מער ווי אַ מאַסקע וואָס דעקט צו די געמיינקייט פון דער וועלט — דעמאָלט צו וואָס דער פּראָגרעס? אַט די אַלע טעאָרעטיקער, דיכטער און פּראָגרעס פאַרזאָרגער, ווי פאַרלוירן זיינען זיי געווען אין דעם גרויסן וועלטוואַנזין! וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט געהאַט זייער זשעני אַנטקעגן דעם זשעני פון טויט? ווען עס איז געקומען די וועלט-קאַטאַסטראָפע זיינען די אינטעלעקטואַלן געווען אויסגעשפּילט! די פעלקער האָבן זיי געהאַלטן פאַר בטלנים. די פילאָזאָפן און דיכטער, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן געשריבן שיינע רייד פאַר די פעלקער, זיינען געוואָרן אויסגעלאַכט ווען ס'איז געקומען צו האַנדלונגען. מען האָט

זיך פשוט ניט גערעכנט מיט זיי. זיי האָבן מיט זיך ניט פאַרגעשטעלט קיין באַשטימטע קראַפט. פון דעם ערשט שאָס פון די אַרמייען זיינען זיי געוואָרן אַזוי צעמישט, אַז מיט זייערע ווידערשפּרעכיקע רייד, האָבן זיי נאָך פאַרגרעסערט דעם גייסטיקן כאַאָס. דאָס איז טאַקע דער אומגליק, וואָס אין אַ צייט פון אַ וועלט קאַטאַסטראָפע, ווייסן אפילו די פירער ניט, וואָס זיי דאַרפן וועלן. אין אַזעלכע פאַלן מוז מען זיין עקסטרעם. אָדער מען רעכטפאַרטיקט דעם קריג מיט אַלע זיינע שווידערלאַכע קאָנסעקווענצן, אָדער מען ווייס אַז דער קריג פאַרגוואַלטיקט די מענטשהייט... און די פירער פון קריג זיינען די פאַרגוואַלטיקער. דער געשריי דאַרף דאַן זיין: מענטשן, איר האָט ניט קיין פ י ר ע ר, נאָר פ אַ ר פ י ר ע ר! יעדער איינער וואָס האָט אַ האַנט אין דער מלחמה איז אַ סאַדיסט. אַ פעלקער־מערדער!

ש ר י י ב ע ר: די פּראָגרעסיווע וועלט האָט דאָך אַמאָל געגלויבט און געהאָפט, אַז די דערפינדונגען, ווי טעלעגראַפן, טעלעפאָנען און די איינפירונג פון דער מאָדערנער אינדוסטריע, וועלן ברענגען נענטער די פעל־קער איינע צו די אַנדערע און זיי האַרמאָניזירן און דער מלחמה־שד וועט בלייבן פאַרשפּאַרט אין דער פאַרגאַנ־גענהייט.

ק ר י ט י ק ע ר: האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די טעכ־נישע דערפינדונגען האָבן ניט געהאַט קיין גענוג טיפע ווירקונג, אַז די פעלקער זאָלן ווערן סאָלידאַריש איינע מיט די אַנדערע. די פעלקער זאָלן ווערן ברידערלאַך פאַראייניקט איז נויטיק אַ ג י י ס ט י ק ע ד ע ר־פ י נ ד ו נ ג וואָס זאָל אַריינדרינגען אין די אינער־לאַכע טיפענישן פון די מענטשן — די אויסערלאַכע ט ע כ נ י ש ע ד ע ר פ י נ ד ו נ ג ע ן ווירקן נאָך ערגער אויף די בייזע מענטשלאַכע ליידנשאַפטן און פירן צו מער פאַרניכטונג. מען דאַרף ניט פאַרגעסן אַז די

היינטיקע מלחמה איז געפירט געוואָרן מיט די בעסטע מעכאַנישע מיטלען. מיט דער הילף פון דער גאַנ־צער מאָדערנער וויסנשאַפט. דאָס וויכטיגע צו באַמערקן איז, וואָס מענטשן געפינען אַלע מאָל נאַבעלע תירוצים פאַרוואָס זיי דאַרפן אויסקוילן איינע די אַנדערע אויף דעם וואונדערבאַרסטן וויסנשאַפטלאַכן אופן. עס זייַ־נען שוין דאָ פאַרטיקע תירוצים: פרייהייט. דעמאָקראַטיע. זעלבסט־באַשטי־מונג פון קליינע פעלקער, — גלייך ווי אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אומאָרדענונג קאָנען פעלקער האָבן אמת'ע זעלבסטבאַשטימונג — דאָס מאָל איז דער נאָבעלער תירוץ געווען אפילו פון די רעוואָ־לוציאָנערן: מען דאַרף פאַרניכטן דעם דייטשן מילי־טאַריזם, גלייך ווי מען קאָן אויסלעשן אַ פייער דערמיט וואָס מען צינדט אָן נאָך אַ גרעסער פייער... ביי די וועלט פירער און פילאָזאָפן איז אַלץ מעגלאַך...

שרייבער: איר דאַרפט ניט צונויפמישן די קריגספירער און פאַרפירער, מיט די פילאָזאָפן און קינסטלער, זיי זיינען בלויז אַ פּראָדוקט פון די אומ־שטענדן.

קריטיקער: אַנשטאָט די פילאָזאָפן זאָלן עפּעס קלאָר מאַכן, פאַרפלאָנטערן זיי נאָך מער... זיי האַלטן אין אויפווייזן די אומפאַרמיידלאַכקייט פון קריג צווישן פעלקער. גלייך ווי קריג וואָלט געווען אַזוי אומקאָנטראָ־לירבאַר ווי אַן ערדציטערניש, אָדער אַ מגפה. ברייגנען באַווייזן פון דאַרווינס טעאָריע, דער קאַמף פאַר'ן לעבן. און דערנאָך באַפּוצן זיי דאָס מיט דער מאָראַל פון העראָאיזם. אין אַ מאָדערנער מלחמה, וואו אַלץ ווערט געטאָן מיט מאַשינען, און דער סאָלדאַט איז ניט מער ווי אַ קליין מאַשינדל, — איז העראָאיזם אַ ליגן! דער מענטש, ווי אַ סאָלדאַט, ווערט אינגאַנצן פאַרלוירן. איז דען דאָ אַ גרעסערע, לעבעדיקער אומ־

זין ווי א היינטיקער סאָלדאַט ? מען נעמט א לעבעדיקן מענטשן, מיט א קאָפּ, מיט א האַרץ, און מען מאַכט אים פאַר אַן אויטאָמאַט. אַזוי ווי מען גיט א מענטשן א ביקס און מען טוט אים אָן אַפיציעלע קליידער, אַזוי טוט מען אים אויס פון יעדן מענטשלאַכן געפיל. און פון יעדן זעלבסטשטענדיקן געדאַנק. ער טאָר מער ניט האָבן קיין אייגענעם ווילן. קיין אייגענעם אורטייל. ער מוז בלינד פאָלגן דעם באַפעל. אויב מען הייסט שיסן אויפ׳ן פאָלק, אין דער צייט פון א רעוואָלוציע, אויב מען הייסט אים שיסן אויף זיינע ברידער און שוועסטער, — מוז ער פאָלגן און זיי דערמאָרדן.

די דאַמע: ווי אַזוי איז דאָס געקומען, אַז א מענטש זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין גאַנצער מענטשלאַכקייט, און ווערן א גולם אויף דעם באַפעל פון א צווייטן מענטשן ?

קריטיקער: דאָס איז זייער א לאַנגע געשיכטע, וואָס ציט זיך פון דער אַמאָליקער אָפּע, ביז — דעם היינטיקן סאָלדאַט.

שרייבער: זאָגט מיר אָבער, איך בעט אייך, ריידנדיק אויף צוריק, ווי קען מען לעבן אין אַזאַ ברוטאַלער וועלט, אָן אַן אַרמיי ? אָן פיזישער מאַכט? מאַכט מען ניט קיין פּאָגראָמען אויף די פרידלאַכסטע מענטשן אין דער וועלט — די אידן ? ווען אידן וואָלטן געהאַט אַן אייגענע אַרמיי, וואָלטן קיין פּאָגראָמען ניט פאָרגעקומען. קעגן ברוטאַלער מאַכט איז ניטאָ קיין אַנדער מיטל ווי קעגנמאַכט. אמת, מיר אידן האָבן זייער פיינט פיזישע מאַכט, אָבער וואָס קענען מיר טאָן אַז מיר לעבן אין א גרויזאַמער וועלט ? באַשיצן דאַרפן מיר זיך, שוין צוליב דעם אַליין וואָלט נויטיק געווען אידן זאָלן קאָנצענטרירט און פאַראייניקט ווערן און קענען פאָרשטעלן א מאַכט !

קריטיקער: דערפאר האט איר געהאלפן אָר־גאניזירן אַ אידישן לעגיאָן?

שרייבער: איר זענט דען קעגן אַ אידישער אַרמיי?

קריטיקער: מיר דאַרפן אונטער אַלע אומ־שטענדן אין אַלע צייטן האַלטן דעם אידעאַל פון פרידן פאַרוים.

שרייבער: מיר דאַרפן האָבן אַן אַרמיי צו פאַרטיידיקן אידן קעגן פאָגראָמען.

קריטיקער: ווי קענט איר זיין זיכער אַז אין נאָמען פון פאַרטיידיקונג, וועט מען ניט פאַרפירן קיין מלחמה? יעדער קריג ווערט דאָך געפירט אין נאָ־מען פון פאַרטיידיקונג —

שרייבער: פאַרטיידיקן זיך אין דעם זין פון אַ מלחמה, איז וואַנזין. אין אַ מלחמה קעמפן גלייך אָרגאַניזירטע קרעפטן. דאָס הייסט אָנפירן אַ קעגנ־זייטיקן פעלקער מאָרד! אָבער פאַרטיידיקן וואָפנ־לאָזע מענטשן, וואָס ווערן באַפאַלן פון כוליגאַנעס, איז אַ פליכט וואָס ווערט דיקטירט פון דער העכסטער מענטש־לאַכקייט.

קריטיקער: אין אַלע צייטן און ביי אַלע פעל־קער האָבן זיך געפונען אויסריידן צו פאַרוואַנד־לען די ערד אין אַ מענטשן־שלאַכט־הויז. עס געפי־נען זיך שטענדיק געלערנטע לאַקייען וואָס גראַבלען אויס פּאָליטישע, סאָציאַלע, פּסיכישע און הינטישע באַ־ווייזן אַז די מלחמה איז נויטיק פאַר'ן געזונט און גליק פון די פעלקער. מען זוכט צו פאַרגלעטן דעם טייוולם שווינדל מיט אַלע מיטלען, אַבי מען זאָל ניט אַרויסזען די אמת'ע אורזאַכן פון קריג. מען וואַרעמט צו דעם קאַלטן דאַרוויניזם, אַבי צו באַווייזן אַז מענטשן מוזן אויסמאָרדן איינע די אַנדערע, אויף אַ העכסט ווילסנ־שאַפטלאַכן אופן... ווי קאָן מען אנווענדן דאַרווינס

טעאָריע וועגן ד י ח י ו ת אויף די הייניטיקע מ ע נ ט ש ן , וואָס לעבן אין אַ צייט פון מאַשינען, עלעקטריציטעט, ראַדיאָ, דראַטלאָזן טעלעפאָן און אַזאַ רייכע אינדוסטריע? עס זעט ווירקלאַך אוים לעכער־לאַך. וואָסער פאָלק קעמפט דאָס היינט מיט אַן אַנ־דער פאָלק פאַר זיין נויטווענדיקער עקזיסטענץ? אַ ליגן. דער דורכשניטלאַכער מענטש פון יעדן פאָלק וויל ניט קיין מלחמה. די בעקער, די שניידער, די שוסטער, די סטאָלער, די מויערער, און די מיינער טרוימען ניט פון קיין קריג. דער דורכשניטלאַכער מענטש וויל בלויז פאַרדינען אויף אַ לעבן. דאָס קאָן ער היינט דערגרייכן אויף אַ פרידלאַכן אופן מיט זיינע מיטמענטשן. אפילו דער געשעפט־מענטש וויל ניט קיין מלחמה. ער קאָן אין פרידן צייט זייער לייכט האנדלען מיט זיינע מיטבירגער. אויב ניט, עקספלואַטירט ער אַ געוויסע צאָל פון זיינע מיטמענטשן און רופט זיי אַרבעטער. ערשט ווען די מלחמה ברענגט אים אַריין גרויסע פראָפיטן, דאַמאָלט ווערט ער אַן אַנהענגער פון קריג, אפילו פון אַן איי־ביקן קריג. נאָר מיט איין באַדינג — אַנדערע זאָלן גיין גע׳הרג׳עט ווערן... ער האָט נויטיקערע זאַכן צו טאָן — דאַרף קריגן עטלאַכע מיליאָנען. זיך קויפן אַ שיינע ווילאַ, און זען צו דערווילן אין דער רעגירונג די פירער, וואָס פאַרטרעטן זיין קלאַס. וואו קומט דאָ אַריין דאַרווינס טעאָריע פון די בעסערע פאַרבלייבונ־גען, אַז עס פאַרבלייבן גאָר די ערגערע? דאָס בעסטע בלוט ווערט אויסגעגאָסן אויף די שלאַכטפעלדער. נאָך דער מלחמה פאַרבלייבט דאָס ערגסטע בלוט. נאָך אַ גרעסערער אומזין איז די מאָראָל פון העראָאיזם. די גרעסטע העלדישקייט באַשטייט אין אַ סך הרג׳ענען. הרגענען די העלדן איינע די אַנדערע — די פייג־לינגען זאָלן האָבן דעם פעטן ביסן... פאַרוואָס זאָל מען ניט דערגיין צו די איינפאַכע און אמת׳ע אורזאַכן

פון מלחמה? דער פּאַרזעענער אמת איז, אַז מלחמות קומען פאַר ווייל די פעלקער לאָזן זיך פירן פון אַ קליקע פּאָליטישע שאַרלאַטאַנעם... כל זמן די פעלקער וועלן זיך ניט קענען אליין פירן, וועלן זיין מלחמות.

שרייבער: עס איז נאָך אַ פראַגע צי קענען מענטשן זיך אינגאַנצן באַגיין אָן מלחמה? פירן דאָך מענטשן צווישן זיך קריג יעדן טאָג?

קריטיקער: פירן זיי דעם קריג כאָטש מיט זייער אייגענעם ווילן... אָבער וואָס פאַר אַן אומזין איז איבערצוגעבן דאָס לעבן פון הונדערט מיליאָן מענטשן, צו דעם ווילן פון איין מענטשעלע? אָדער אפילו צו דעם ווילן פון אַ פּאָר הונדערט מענטשעלאַך? וועלכער מענטש האָט דאָס אַ רעכט צו באַשטימען דעם טויט פון מיליאָנען מענטשן, אָדער אפילו פון איין איינציקן מענטשן? וואָס פאַר אַ טיטל ער זאָל ניט האָבן, קעניג צי פּרעזידענט... דער וואָס זיין געווויסן דערלויבט אים אונטערצושרייבן דעם טויט אורטייל פון טויזנטער מענטשן, איז אַ טויזנטפאַכיקער מערדער. און פון די מער־דער דאַרפן די פעלקער פריי ווערן, וועט מער ניט זיין קיין מלחמה.

שרייבער: די היינטיקע מענטשן פעלט נאָך איניציאַטיווע, דערפאַר לאָזן זיי זיך פירן פון דעמאַ־גאָגן.

קריטיקער: אַז מענטשן ווייסן ניט וואָס אַזוינס איז מלחמה... זיי קענען זיך דעם גרויל ניט פאָרשטעלן. צו שרעקלאַך... ווען די מיליאָנען סאָלדאַטן מתים וואָלטן געקענט ריידן, וואָלטן זיי אונז דערציילט אַזוינס, אַז אונזערע נערוון וואָלטן פּלאַצן און אונזערע מחות וואָלטן זיך געעפנט... קענט איר זיך פאָרשטעלן, אַז אַ לעבעדיקער מענטש פול מיט רויע וואונדן זאָל ליגן אונ־טער אַ באַרג פון מתים? דאָס איז מלחמה — —

שרייבער פאַרגעסט ניט אַז די מענטשן פאַר־

געסן אַלץ. די וועלט הויבט זיך אַלעמאָל אָן אויפדאָס־ניי. יעדער דור מאַכט דורך די זעלבע טעות׳ן. מען רעדט איין דעם נייעם דור, אַז עס איז דאָ אַן אַנגרייפנ־דע אַרמיי, און אַ פאַרטיידיקונגס אַרמיי, יעדע רעגירונג טענה׳ט אַז זי האַלט אויף איר אַרמיי בלויז זיך צו פאַרטיידיקן קעגן שונא.

קריטיקער: דאַרף מען אויפקלערן די מענטשן, אַז עס איז אַ ליגן. אַלע אַרמייען זיינען אַנגרייפנדע. אַז ניט וואָלטן זיי ניט געווען אָרגאַניזירט און פאַרבע־רייט דערצו. און ווי לאַנג עס וועלן זיין אָרגאַניזירטע אַרמייען, אַזוי לאַנג וועלן זיין גרויסע בלוטפאַרגי־סונגען. ווי לאַנג איין מענטש וועט נעמען אַ ביקס אין האַנט מיט דעם צוועק צו שיסן אַ צווייטן מענטשן, אַזוי לאַנג וועט זיין וועלט־מערדעריי... מאַכן אוממעגלאַך דעם טייוולס קאָמעדיע, קען מען נאָר דורך אויפהערן פאָלגן! ווען עמיצער וועט קו־מען און באַפעלן די מענטשן צו ווערן מערדער און גע־מאָרדעטע, זאָלן זיי ניט פאָלגן. ניט פאָלגן קיין פירער אין דער וועלט! אפילו גאָט אַליין זאָל אַרונטערקומען אויף דער ערד און באַפעלן זיי זאָלן איינע די אַנדערע אויסקוילן — זאָלן זיי זאָגן: ניין! מיר פאָלגן ניט גאָט אַליין, ווען ער איז קעגן לעבן! דאָס לעבן איז הייליקער ווי גאָט!... ערשט דעמאָלט וועט אויפהערן דער גרויליקער אומגליק וואָס די מענטשן ברענגען אַליין אויף זיך.

שרייבער: אַ מלחמה דאַרף דאָס פאָלק אַליין באַשטימען דורך אַ רעפערענדום.

קריטיקער: און מיט אַ רעפערענדום קען ניט זיין קיין מלחמה? אין אַלגעמיינע פּראָבלעמען איז דאָס פאָלק געגנוג בלינד נאָכצוגיין זיינע פאַרפירער...

שרייבער: אויב דאָס פאָלק אַליין וועט וועלן פאַרגיסן בלוט, וועט זיין פאַרפאַלן —

קריטיקער: וואָס הייסט דאָס פאָלק אַליין וועט וועלן פאַרגיסן בלוט? וואָס פאַר אַ רעכט האָט דאָס פאָלק מיך און אייך צו פאַראורטיילן צום טויט? דורך אַ מאַיאָריטעט? וואָס האָב איך געזינדיקט קעגן דער מאַיאָריטעט, זי זאָל האָבן אַ רעכט אויף מיין לעבן? קיין פאָלק אין דער וועלט — אפילו אַלע פעלקער צו־זאַמען, האָבן ניט קיין רעכט צו פאַראורטיילן אַ מענטשן ער זאָל גיין הרג׳ענען און אַליין גע׳הרג׳עט ווערן. אויף לעבן און טויט, האָט אַ רעכט נאָר די נאַטור אַליין...

שרייבער: איר זענט אַוועקגעפלויגן זייער ווייט מיט אייער גייסטיקן לופטבאַלאָן. איר דאַרפט ניט פאַר־געסן, אַז ביי אַ גרויסער צאָל מענטשן איז מענטשן־שלאַכ־טעריי אַ גרוים פאַרגעניגן... פון אַלע געטראַנקען איז מענטשן בלוט ביי זיי דער געשמאַקסטער געטראַנק... דער מענטש איז אַ נאַבעלע חיה, ער אונטערשיידט זיך פון אַנדערע חיות דערמיט, וואָס ער האָט ליב צו טויטן זיין אייגענעם מין... די געשיכטע פון דער ציוויליזיר־טער מענטשהייט, איז ניט קיין בוך, נאָר אַ טייך בלוט... פון דעם נעמט זיך אפשר דער רעליגיעזער באַגריף „זינד“, און דאָס אויסלייזן פון זינד דורך בלוט און טויט... וואָס מען קאָן גאַנץ דייטלאַך זען אין דעם קריסטנטום... דאָס קריסטנטום קאָן — אין טאַט ביז דעם היינטיקן טאָג זיך ניט אָפּזאָגן פון בלוט...

קריטיקער: דער שאַנד פּאַראַדאָקס איז וואָס מיר, דאָס פרידלאַכסטע פאָלק אין דער וועלט, האָבן זיך אויך ניט געקאָנט אויסהיטן פון פאַרגיסן בלוט. אמת, אידיש בלוט גיסט זיך שטענדיק און מער ווי פון אַלע פעלקער... אָבער אין דער צייט פון דעם גרויסן וועלט־וואַנזין, האָבן מיר ניט ווילנדיק צוגעשטימט צו דער גרויסער בלוט־פאַרגיסונג פון דער וועלט... מיר אידן געפינען זיך אַלעמאָל אין דער ראָלע צו זאָגן: יאָ! כאָטש אין הארצן איז דאָס פאָלק ניט איינשטימיק. מיר, די

פרידלאַכסטע אין דער וועלט, האָבן ניט אַרויסגעגעבן קיין באַדייטנדיקע גרופּע וואָס זאָל האָבן עפּנטלאַך געקעמפּט קעגן קריג... כאָטש דאָס גאַנצע פאָלק, — מיט דער אויס־נאָם פון די פירער — איז קעגן קריג... מיר די קריגס־לאָזסטע מענטשן אויף דער ערד, האָבן ניט אַרויסגע־בראַכט קיין פילאָזאָפיע קעגן קריג. טראָץ די שלום־זאָ־אונגען פון אונזערע נביאים, שטייען מיר פאַר דער וועלט ווי קריגער. ווייל מיר זאָגן אַלץ נאָך וואָס די וועלט זאָגט... און די וועלט מיינט, מיר זיינען איינ־שטימיג — די וועלט ווייסט ניט אַז דאָס איז אונזער גרויסע שאַנדע... ביי אַנדערע פעלקער איז כאָטש דאָ אַ סעקטע, וואָס איז קעגן קריג, איז אָפיציעל אנער־קענט פון די רעגירונגען און ביי אונז, וואו דאָס פאָלק איז קעגן קריג, האָבן די פירער געפירט צו בלוט־פאַרגי־סונג. און דאָס איז אַ פלעק אויפ'ן אידישן געוויסן... צוליב וואָס דאַרפן מיר אידן אנטייל נעמען אין מלחמה?... סיי ווי מאַכט מען אויף אונז פאַגראָ־מען! מיט אונזער געמאַכטער העלדישקייט וועלן מיר ביי די קריסטן קיין יושר ניט געווינען. קיין ליבע אודאי ניט... די מלחמה האָט צום שטאַרקסטן באַוויזן אַז דאָס קריסטנטום איז באַנקראָט. די נאָבעלע קריסטן גלויבן אַז מען דאַרף ליב האָבן די פיינט. אָבער אַזוי ווי דאָס איז איבער זייער נאַטור דער'הרג'ענען זיי די פיינט כדי זיי זאָלן זיי ניט דאַרפן ליב האָבן.

ש ר י י ב ע ר: זיי האָבן דאָך אָבער געהאַט פּאַ־סיפיסטן.

ק ר י ט י ק ע ר: די קריסטלאַכע פּאַסיפיסטן האָבן גע'טענה'ט אַז די מלחמה איז אַ וואוילע מלחמה, זייער אַ נויטווענדיקע, אַ מלחמה פאַר שלום. דער־ווייל זיינען זיי געגאַנגען הרג'ענען מענטשן... ניט מיט ווערטער אונטערשיידן זיך מענטשן, נאָר מיט בלוט. די איידעלע קריסטלאַכע מיילער האָבן ליב די שענסטע

ווערטער, אָבער זייערע הענט האָבן ליב די בעסטע שווערדן און ביקסן. און זייער בלוט דאַרשט נאָך בלוט . . . אַז ניט, פאַרוואָס זאָלן זיי ניט פאָלגן די הייליקע ווערטער: „זאָלסט ניט ווידערשטיין קיין בייז“? דאָס לאַנד וואו דאָס קריסטנטום האָט דערגרייכט דעם גרעסטן שפּיץ פון מענטשלאַכקייט איז אַמעריקע. אַמע־ריקע האָט זיך דערהויבן צו דעם זיבעטן הימל פון דער קריסטלאַכער ציוויליזאַציע. אַמעריקע איז אַזאַ גע־בענטשט לאַנד, אַז אַ מענטש איז קיינמאָל ניט זיכער ניט געלינטש צו ווערן. מיט דער שוואַרצער ראַסע באַגייט מען זיך דאָ אַזוי איידל ווי מיט חיות, לינטשן אַ נעגער איז דאָ אַ קלענערער פאַרגעניגן ווי הרג׳ענען אַ הונט. און דאָס נאָבעלע לאַנד האָט ניט געקאָנט רואיק קייען די זיסע גומע, ביז וואַנען זי האָט ניט געמאַכט זיכער אייראָפּע פאַר דעמאָקראַטיע. דאָס לאַנד וואָס איז אַזוי שטאַרק קעגן דעם ביטערן געטראַנק, האָט געפונען אַן אויסרייד אויך צו כאַפּן אַ זופּ פון מענטשן־בלוט... דאָס לאַנד וואָס וואַרפט אין געפענקעניש די אויפריכטיק דענקענדיקע מענטשן, האַלט, אַז זי האָט געראַטעוועט די וועלט דעמאָקראַטיע און אויסגעלייזט אייראָפּע פון מאַכט־הערשאַפט. דאָס לאַנד וואָס פירט אַ פרייע ליבע מיט דער פרייהייט, האָט אַרויסגעשיקט שיפן מיט מענטשן וואָס דענקען אַביסל פרייער, ווי אירע ניט דענקענדיקע בירגער.... דאָס היפּאָקריטישע לאַנד האָט דאָס געפירט אַ מלחמה צוליב שלום און פרייהייט און דערמיט געזעכטפערטיקט דעם ציוויליזירטן קאַניבאַליזם...

שרייבער: איר רעדט צו ביטער וועגן אַמע־ריקע. מיר שיינט אַז איר קענט ניט דאָס לאַנד. איר אורטיילט גאַנץ אַמעריקע לויט איין שטאָט. ניו יאָרק איז ניט אַמעריקע. ניו יאָרק איז אַן אַנטאָלאָגיע פון אַלע שטעט אין דער וועלט; אַמעריקע איז גרויס און

וואונדערלאַך און איז דאָס צווייטע לאַנד נאָך רוסלאַנד וואו די גרעסטע אידעאַלן וועלן פאַרווירקלאַכט ווערן. די וועלט דערלייזונג הענגט אָפּ פון די צוויי גרויסע פאַקטאָרן: אַמעריקע און די אידן. דאָס אידישע פאָלק באַווייזט דער וועלט די פאַלשקייט פון שאָוויניזם, דערמיט וואָס עס בלייבט אַ פאָלק צווישן אַלע פעלקער. אידן באַווייזן אַז מען קען זיין אַ פאָלק אָן וואפן, און דאָך ניט באַזיגט ווערן. און אַמעריקע באַווייזט, אַז ס'איז דאָ אַ לאַנד וואו פעלקער פאַרברידערונג קען פאַקטיש פאַרווירקלאַכט ווערן.

קריטיקער: אַז די וועלט קען עפּעס לערנען פון אידן, דאָס האָט מען שוין געזען מיט טויזנטער יאָר צוריק. לערנען פון אַמעריקע? איז אַ פראַגע — אַ לאַנד וואָס גלויבט אַז צייט איז געלט און פאַרשטייט ניט אַז צייט איז לעבן, אַזאַ לאַנד קען ניט זיין טיף, ניט אויפריכטיק, ניט ריין מענטשלאַך און קען ניט פאַרווירקלאַכן קיין גרויסע אידעאַלן. דערוויל זעען מיר, אַז מיט דעם הייליקן געבאָט: צייט איז געלט דערגייט אַמעריקע צו דער העכסטער שטופע פון קאַפּיטאַליזם. און איר ווייסט דאָך וואָס דאָס באַדייט — דאָס מיינט נייע, זייער הויך אַנטוויקלטע מלחמות — — — און איך קען אייך זאָגן אַז איר מעגט זיין זיכער, אויב עס וועט זיין אַ נייע מלחמה, וועט זי זיך ענדיקן מיט זיגרייכע פאַרלוסטן פון אַלעמען. היינטיקע צייטן זיינען אַלע מלחמה פאַרפירער גלייך שטאַרק אָרגאַניזירט. און דער רעזולטאַט קען בלויז זיין אַ פאָלקאָם קעגנזייטיקע פאַרניכטונג, אַזוי ווי אין דער מעשה פון יענע צוויי לייבן: זיי האָבן זיך איינע די אַנדערע אַזוי לאַנג געפרעסן, ביז עס זענען פון זיי בלויז געבליבן די צוויי עקן... די פעלקער וואָס וועלן פון היינט אָן ווייטער פירן מלחמה וועלן אויך בלייבן מיט בלויזע עקן — — —

## באַהעפטונג

קריטיקער: איר ווייסט, איך האָב זיך פאַר אייך דערשראָקן —

די דאַמע: פאַר מיר דערשראָקן? איר שרעקט זיך פאַר מענטשן?

קריטיקער: פאַר אייך שרעק איך מיך. אַ מענטש וואָס הייבט אָן צו לעבן אין מיר, שרעקט מיך ווי אַן אומבאַקאַנטער גאָט — צו ווענען איך וויל תפילה טאָן און האָב נישט קיין ווערטער... ווייל איך ווייס נישט וואָס איך זאָל בעטן — כאָטש איך וויל אַזוי פיל! איך האָב שוין אַזוי פיל געבעטן און בין נישט דערהערט געוואָרן... און אַז איך בין שוין געוואָרן דערהערט, בין איך געוואָרן אויסגעלאַכט... און מיין האַרץ איז געבליבן הענגען וויגנדיק זיך צווישן שרעק און טרויער...

די דאַמע: איר האָט אודאי נישט געוואוסט ווי אַזוי צו בעטן... (פויזע) אַז מען בעט מיט'ן גאַנצן האַרצן ווערט מען דערהערט... וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר?.. איר זענט אַביסל שכור — — איר דאַרפט מער נישט — — —

קריטיקער: איך האָב קיין סך נישט געטרונקען. איך בין שיכור פון אייך... עפּעס פון דער טיפעניש האָט אין מיר דערוואַכט ווען איך האָב אייך דערזען. עס האָט זיך ביי מיר אָנגעצונדן דאָס זעלבע ווי ביי דעם גרעזל איידער עס שפּראָצט אַרויס פון דער ערד. ווי ביי דעם בוים ווען ער ציט זיך צו דער זון. ווי ביי דעם ים ווען ער וויל איבעררייסן זיינע ברעגן. און מיינע אינערלאַכע אויגן האָבן דערזען אַ ליכטיקייט וואָס איז גלייך צו אַ פינסטערניש — — —

און אין דער פינסטערניש זיינען אויסגעוואקסן פייערדי־קע בוימער מיט פלאמיקע צווייגן, און אויף די צווייגן זיינען געהאנגען צייטיקע בארן נאך וועלכע איך האב געגארט מיט מיינע גליענדיקע ליפן...

די דאמע: איז דאס נישט גוט וואס דער גרויסער צופאל האט געפירט מיר זאלן בלייבן אליין? איך האב אזוי געוואלט זיין אויג אויף אויג מיט אייך — —

קריטיקער: (איבעראשט) יא? איך — — — איר האט איצט ארויסגעזאגט וואס מיין הארץ האט געוואלט ריידן. עמיצער אין אונז רעדט פאר אונז... מיר זיינען נים אליין...

די דאמע: (אומרואיק) וואס מיינט איר?

קריטיקער: איך מיין מיט אונז זיינען אנדערע... אין אונז האבן איצט אויפגעוואכט אנדערע גייסטער... איך האב פריער מאדנע געפילט... זיי האבן אין אונז געשוויגענערהייט גערעדט... נאר זיי האבן זיך נים אינגאנצן פארשטאנען —

די דאמע: איך האב באלד פארשטאנען — — — נאר איך האב געוואלט אז איר — —

קריטיקער: האט איר אמאל געפילט ווי צופיל פרייד גייט אויף אין אייך אויף איינמאל? מיין נשמה האט זיך אנגערירט אן אייערע... צווישן אונז ביידע ברענט דער סוד פון לעבן... צווישן אונז ביידע ווערט געבוירן די פרייד און דער טרויער פון דער וועלט — —

די דאמע: איך גלויב זיך ניט... ערשט ניט לאנג בין איך דאך געווען אזוי איינזאם, אז מיר האט זיך אויסגעדאכט: ניטא קיין איין מענטש אין דער וועלט צו וועמען איך זאל זיך קענען דערנענטערן... האב געמיינט איך וועל שוין אייביק בלאנדזשען איינע אליין אין דער גרויסער וועלט, און פילן די ליידיקייט פון לעבן דורך מיין אייגענער ליידיקייט...

קריטיקער: אַ מענטש דאַרף זיך ניט פילן ליידיק. אויב איינער פילט אַזוי, באַווייזט עס, אַז ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט די העכסטע קונסט: די קונסט צו לעבן. די קונסט צו אַנערקענען די וועלט און הנאה האָבן פון איר. אַ מענטש קען דאָך אין זיך אַריינעמען אַזאַ גרויסע וועלט! די וועלט האָט דאָך אַזוי פיל שיינקייט, אַזוי פיל וואונדער! דער מענטש קען ווי אַ בין פליען פון בלום צו בלום און זויגן זייערע פאַרשיידענע זאַפטן. ער קען גיין פון שיינקייט צו שיינקייט און פון וואונדער צו וואונדער, און אייביק געפינען נייע שיינקייט און נייע וואונדער... ווייל די וועלט איז דאָך אַזוי גרויס און אירע סודות אַזוי אייביק... אַ מענטש זאָל אפילו לעבן טויזנט יאָר, וועט ער אַלץ האָבן וואָס צו פאָרשן און צו באַוואונדערן...

די דאַמע: אָבער אַז איך פיל אין זיך די איינזאַמקייט פון יעדן קינד וואָס וויינט ביינאַכט, פון יעדן בוים וואָס רייסט זיך בייטאָג צו דער זון?

קריטיקער: ווען אַ מענטש זאָל קוקן דורך דעם ליכט פון דער אייביקייט, וועט ער זען, אַז קיינער און קיין זאַך איז ניט איינזאַם. טראָץ אַלע שטערונגען קומט אין קאָסמאָס פאָר באַהעפטונג... און דורך דעם, נייע געבורטן, אייביקע באַשאַפונג... עס קאָן דאָך זיין אַז אין דעם גרויסן רוים האָבן אומגעוואַנדערט איינציקע אַטאָמען פון אייביקייט ביז אייביקייט, פון אומענדלאַכע ווייטקייט ביז ווייטקייט, און האָבן זיך ניט נעקענט באַהעפטן. ביז ס'איז געשען אַ נס — צוויי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און זיינען געוואָרן איינס. — אַ צווייענדיקער איינס. און פון דעם „איינס" איז אפשר געבוירן געוואָרן די גרויסע זון מיט אַלע אירע שטערן און פלאַנעטן... דער זעלבער נס געשעט, ווען עס טרעפן זיך צוזאַמען צוויי

הערצער און ווערן איינס. אויך דאָן ווערט געבוירן אַ גרויסע זון — די ליבע... אָבער דאָס אַלץ איז אַ נס. אַ גרויס וואונדער. אונזער גליק הענגט אויף אַ נס. די ליבע איז אפשר דער גרעסטער פון אַלע — — דורך דעם נס ווערט געבאָרן אַלץ וואָס לעבט.. אַפילו יעדע שיינקייט — — מיין גאָט! ווי שיין איר זענט! איך וואָלט איצט געוואָלט ווערן בלויז אויגן, כדי אַלץ אין מיר זאָל זיך פרייען מיט אייער שיינקייט. זאָלן מיר אַוועקגיין?

די דאַמע: עגאָאיסט וואָס איר זייט!

קריטיקער: לעבן און ליבן קענען מיר נאָר עגאָאיסטיש.

די דאַמע: איר רעדט דאָך אָבער אַלעמאָל פון מענטשלאַכקייט? פון דעם געפיל און פליכט צום צווייטן? ער וועט דאָך ליידן —

קריטיקער: דער צווייטער מוז ליידן ווען עס קומט זיין צייט. אַמאָל מאַך איך יענעם צו ליידן, און אַמאָל מאַכט אַ צווייטער מיך ליידן.

די דאַמע: ווייסט איר ווי שווער אַזעלכע ליידן זיינען אַריבערצוטראָגן?

קריטיקער: אַזוי דרייט זיך דער זיגזאַג פון לעבן. קיינער קען דאָ ניט העלפן. דער וויי פון ליבע איז אַ גרויסער און דריקט ווי אַ ענגער רינג אויפ׳ן האַרץ. אָבער מען קען קיינעם פון דעם רינג ניט אַרויס־נעמען. מען מוז זיך פון אים אַליין באַפרייען...

די דאַמע: ס׳איז ניט אַזוי לייכט ווי אייערע ווערטער. דער מענטש ווערט אַ שקלאַף פון זיין אייגענעם געדאַנק.

קריטיקער: דאָס גאַנצע לעבן איז אַ שווע־רער ענין.

די דאַמע: איך וואָלט איצט געקענט שטאַרבן —

קריטיקער: אַ מענטש דאַרף וועלן לעבן.

די דאַמע: צוליב וואָס?

קריטיקער: צוליב אַ צווייטן... מיר ווילט זיך לעבן בלויז צוליב אייך...

די דאַמע: זייט זיכער איר וועט אַנטוישט ווערן —

קריטיקער: אַ מענטש דאַרף קענען לעבן און זיך אַנטוישן. האָבן אַנטוישונגען הייסט האָבן געלעבט און געפילט די פרייד וואָס קומט פריער פאַר אַלע דעלוזיעס.

די דאַמע: איר האָט ליב צו חלומ'ען.

קריטיקער: איך האָב אָבער אויך ליב אַרומצונעמען די ווירקלאַכקייט. —

די דאַמע: קענט איר מיר זאָגן וואָס איז ליבע?

קריטיקער: ליבע איז דער ווילן זיך אַליין אָפּצונאַרן דורך נאַרן אַ צווייטן... ליבע איז אויך אַ פאַרלאַנג נאָך מאַכט. אַ ווילן צו מאָדעלירן אַ צווייטע נשמה לויט דעם אייגענעם פורעם. דערנאָך אַ גלייכגילטיקייט צו דער אימיטאַציע... און שפּעטער די אַנטוישונג מיט דער געשטאַלטונג. ווייל דער מאָדעל איז אונז אַזוי באַקאַנט...

די דאַמע: אינטערעסאַנט... און זייער אויפריכטיק. איך האָב דאָס ליב...

קריטיקער: ווען מען האָט ליב איז אַלץ אינטערעסאַנט. ווייל מען איז בלינד... דאָך זעט מען מיט מיליאָנען אויגן... דאָס אַליין פאַרגיטיקט שוין די ליידן וואָס די ליבע ברענגט.

די דאַמע: און וואָס איז הייראַט?

קריטיקער: הייראַט איז מער ווי ליבע. הייראַט איז די העכסטע מענטשלאַכקייט. ווען מען איז פאַרליבט איז מען נאָך אַ האַלבער מענטש. אַז מען הייראַט ווערט מען אַ גאַנצער מענטש.

די דאַמע: אַז די הייראַט איז ניט קיין געלונגע־
נע? —

קריטיקער: ווערט מען אויס מענטש... דאָס מיינט, אויב די הייראַט איז ניט קיין פרייע... ווייל ניט פרייע ליבע איז נויטיק, נאָר פרייע הייראַט! ליבע איז סיי ווי פריי. די פרייהייט דאַרף ערשט אָפּגעהיט ווערן ווען מען איז באַהעפט ווי מאַן און פרוי... אָבער אונטער אַלע אומשטענ־דען איז בעסער צו הייראַטען ווי ניט צו הייראַטען. ווען מען איז אַליין, קען מען בלויז אַ האַלב לעבן. ערשט ווען מען הייראַט און מען האָט קינדער, באַקענט מען זיך מיט'ן גאַנצן לעבן. נעמט אַזאַ איבערגייסט ווי ניטשע. פאַרוואָס האָט ער ניט געקענט די ווירקלאַכ־קייט? ווייל ער האָט אַראָפּגעקוקט אויפ'ן רעאַלן לעבן פון אַן איינזאַמען באַרג. אים האָט ניט אַרומגערינגלט קיין ווייב, קיין קליינע קינדער, וואָס ווערן אַמאָל קראַנק, בייז און וויינען — ער איז ניט געוועזן פאַרהייראַט. איך האַלט זייער פיל פון פערזענלאַכער פרייהייט, אָבער איך האַלט אויך אַז מען דאַרף זיך דיסציפּלינירן און לעבן אַ געזונט לעבן, אַזוי ווי גאָט — ניין, אַזוי ווי דאָס לעבן האָט געבאָטן...

די דאַמע: מיר איז שווער צו פאַרליבן זיך, כאָטש איך האָב דאָס אַזוי ליב... מיר שיינט אַז איר זענט אַביסל אַנדערש ווי אַנדערע — אָבער איר זאָלט ווייסן, אַז איך קען לאַנג ניט ליבן. איך ווער באַלד מיד פון מענטשן... איך וואָלט זיך געוואָלט פאַרליבן אין אַ גאָט! אָדער אין אַ טייוול... מענטשן זיינען אַזוי ווידערהוילנדיק, לאַנגווייליק — און דאָס ערגסטע — זיי ליידן פון אַזוי פיל מענטשלאַכקייטן —

קריטיקער: וואָס מיינט איר דערמיט?

די דאַמע: איך מיין אַז זיי זיינען אַזוי פאַר־

שאַלטן מענטשלאַך, אַז ווען איך זע זיי, פאַרבענק איך זיך נאָך גייסטער...

קריטיקער: פונדעסטוועגן דאַרף מען ניט פאַר־געסן, אַז מיט אַלע שוואַכקייטן, איז דאָס אינטערעסאַנ־טע וועזן אויף דער ערד — דער מענטש —

די דאַמע: ניין. איך בין ניט קיין מענטש. יעדנפאַלס ניט אַזוי ווי אַנדערע. איך בין אַ גאָט, אָדער אַ טייוול... ווי איר ווילט. וואָס איך וועל זיין פאַר אייך — ווענדט זיך אָן אייך... אָן אייער גלויבן... אָבער איך גלויב אַז איר זענט אויך ניט קיין מענטש... ווייל איך אויסגעפינען אַז איר ליידט פון מענטשלאַכקייט, ווייל איך אייך האַסן! איך האָב בלויז ליב געטער... איר זענט אַ גאָט... מיין ניטפאַרשטאַנענער גאָט! איך האָב זיך שוין אַזויפיל מאָל אַנטוישט און וויל נאָך אַלץ גלויבן.

קריטיקער: איך גלויב אַז איר זענט אַ גאָט און אַ טייוול צוזאַמען... מיין געטלאַכער טייוול...



# ליטעראַטור און עטיק

קריטיקער: אויב קיינער געפינט ניט וואָס צו זאָגן, לאָמיר אָנהויבן מיט דער אַלטער חכמה: וויין, געזאַנג און —

שרייבער: שוין אַ צו אַלטע דרייאייניקייט... אַ קריטיקער וואָס פאַרלאַנגט פון אַנדערע אָריגינאַליטעט, דאַרף פריער אַליין זיין אָריגינעל —

קריטיקער: צוליב אַזעלכע גוטע זאַכן, ווי וויין, געזאַנג און ליבע, לוינט זיך אפילו ניט צו זיין אָריגינעל... אָבער ליבע אָן אַ זייט — נאָך וואָס אַלעמאָל אין זינען האָבן אָריגינאַליטעט? די וואָס מוטשען זיך אויס דאָס לעבן צו זיין אָריגינעל, זיינען די לעצטע דאָס צו זיין... די אמת'ע אָריגינאַליטעט קומט אומבאַוואוסט, פון זיך אַליין, אַזוי ווי דער אָטעם. לאָמיר בעסער זיין ווי געזונטע מענטשן, נאַטירלאַך און איינפאַך, פריי פלאַפלענדיק, וועלן מיר זיך אפשר אַרויספלאַפלען אויף אָריגינאַליטעט. אַ קשיא אויף אַ מעשה! דאָס טרעפט זייער אָפט ביי שרייבער.

שרייבער: איינפאַך! מיר זיינען היינט צו פאַלש צו קענען זיין איינפאַך. מיר האָבן זיך פאַרפלאָנטערט אין אַ קנויל וואָס מען רופט קולטור. פאַרוויקלט מיט דינע פעדים וואָס מען רופט קונסט... מיר קענען מער ניט זיין מענטשלאַך פרימיטיוו, אורשפרינגלאַך גאַנץ מיט'ן לעבן. מיר זיינען צעשפאַלטענע, צעשטיקלטע אין זיך. און מיר קענען קיין זאַך ניט זען גאַנץ דורך אונזער צעשפאַלטנקייט... מיר זיינען געוואָרן אַזוי ווי באָדלער האָט געוואָלט — קינסטלאַך. אפילו איצט, זיצנדיק צוזאַמען זאַלבעדריט, זיינען מיר געקינצלט. באַלאַדן מיט דער מאַסע פון קולטור. ווען איך רעד

מיט אַן אינטערעסאַנטער דאַמע, טראַכט איך: וואָלט פון איר געקענט שרייבן אַ גוטע דערציילונג, אָדער זי אַריינגעמען אין אַ קאַפּיטל פון מיין ראָמאַן. זע איך עפּעס טראַגישעס, ווילט זיך מיר באַלד מאַכן דערפון אַ דראַמע. אַט איז אַ מאָמענט, אַ סצענע: אַ צימער, אַ דאַמע, צוויי שרייבער. איינער אַ קריטיקער און איינער פון זיי, מיין געערטע פּערזענלאַכקייט. טראַכט איך: וואָלט איר מיר אפשר געהאָלפן צום קלימאַקס? איך קען קיינמאָל ניט צוגיין צום לעבן מיט דער זעלבער פּשוט׳קייט ווי אַנדערע מענטשן. אַז איך בין פאַרליבט, קלער איך: וואָס פאַר אַ שיינע לידער איך וועל שרייבן פון מיינע איבערלעבונגען. שטאַרבט מיינער אַ נאָענטער קאָלעגע, טראַכט איך באַלד: וואָס פאַר אַ פיינע ווערטער איך וועל וועגן אים פאַרפאַסן... איך ווייס ווי אומווירדיק דאָס איז, אָבער איך קען זיך ניט העלפן. מיר וואָלט זיך זייער געוואָלט זיין צונויפגעוואַקסן מיטן לעבן. איך בענק נאָך גאַנצקייט, וואָלט געוואָלט צוריקגיין צו פּשוט׳קייט, צו זעלבסטפאַרגעסנקייט... אָבער אין מיר וואַכט אַלעמאָל דער זעער, דער אַנאַליטיקער, און ער צעפּאַלמעסט די אילוזיע פון לעבן. אַ געוויינלאַכער מענטש, אַז ער לייענט אַ בוך, האָט ער פון אים פאַרגעניגן. איך לייען אַ בוך צו זען ווי אַזוי ער איז געשריבן און צו האָבן וועגן אים אַ געוויסע מיינונג — מיר דאַכט זיך אַז קיינער לעבט ניט אַזוי ווייניק דאָס אמת׳ע לעבן ווי אַ שרייבער... שרייבער שאַפן איבער די וועלט מיט זייער שאַפן. און ניט נאָר ווירקט אונזער קרעאַטיוויטעט אויף אַנדערע, נאָר זי ווירקט אויך צוריק אויף אונז אַליין. מיר ווערן דורך אונזער שאַפן איינגעשלאָסן אין אַן אייגענעם שלאָס, צו וועלכן מיר קאָנען קיינמאָל ניט געפינען קיין שליסל... מיר זיינען די פריסטע מענטשן וואָס לעבן אַמווייניקסטן אויס אונזער פריהייט... מיר טראַכטן וועגן לעבן, מיר באַפּאַרמען דאָס

לעבן, אָבער אַנדערע לעבן... מ י ר לעבן זיך אויס אין ווערטער — — — דאָס איז ניט נאָר גערעדט וועגן שרייבער. אונזער גאַנצער דור האָט איבערגעשעצט די קולטור. מיר האָבן פון יעדער געקינצלטער זאַך גע־מאַכט אַ קולט און ניט פאַרשטאַנען אַז דאָס לעבן איז איבער אַלץ — דאָס נאַטירלאַכע מענטשלאַכע לעבן.

קריטיקער: פאַני שרייבער, פאַרוואָס פאַר־גינט איר אונז ניט דאָס לעבן?....

שרייבער: וואָס הייסט ביי אייך לעבן?

קריטיקער: דאָס איז זייער שווער צו דעפי־נירן. לעבן איז פאַר יעדן באַזונדערן מענטשן עפּעס אַנ־דערש. און די אַנדערשקייטן קענען זיין אומענדלאַך. אָבער דאָס עלעמענטאַרע לעבן הייסט: האָבן אַ ווייב, קינדער, עסן, טרינקען, טאַנצן און זיך לאָזן וואוילגיין. אויף די זאַכן פאַרשטייען מיר זיך אַלע גאַנץ גוט. אָבער צו לעבן אויסגעהאַלטן הייסט פאַרזוכן פון אַלצדינג און קענען אַנהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט. די שווערקייט איז ניט צו ווערן איינזייטיק, נאָר אויפצוהאַלטן די האַרמאָניע. צו קענען באַלאַנסירן איז די מענטשלאַכע פאָלקאָמענ־קייט. אָבער די מערסטע מענטשן ווערן עקסטרעם און פאַרשיכור׳ן זיך בלויז מיט איין ליידנשאַפט, דער־פאַר פאַרדרייען זיך ביי זיי די קעפּ און זיין פאַלן. איז דאָס ניט אַזוי, ליבע דאַמע?..

די דאַמע: ווער פרעגט אייך?

קריטיקער: דאַמען זיינען דאָך העלדן פון ראָ־מאַנען, מוזן זיי פאָלגן דעם קריטיקער. אָבער צוריק צום ענין — ווערנדיק אַנטוישט, שרייען זיי אַז ס׳איז ניטאָ קיין צוועק אין לעבן... און איך זאָג אייך: אויב די מענטשן וועלן אַמאָל אויסגעפינען אַז ס׳איז ניטאָ קיין אַנדער צוועק אין לעבן, ווי צו ל ע ב ן, וועלן זיי דאַמאָלט אויסגעפינען אַ גרויסן צוועק...

נו, וואָס איז ווייטער אויפ'ן פּראָגראַם? אפשר זאָלן מיר שפּילן אַן אינטערעסאַנט שפּיל? — — —

שרייבער: ניין. איך בין ניט אויפגעלייגט צום שפּילן. בעסער רעדעס...

קריטיקער: הויבט אָן און באַווייזט וואָס איר קענט.

שרייבער: מיינע פריינט: איר זאָלט וויסן, אַז ערגעץ איז דאָ אַ וועלט וואָס זעט אַלץ און באַהאַלט אַלץ פון דער וועלט. יענע וועלט שיקט אַהער שאָטנס. און אויף יעדן ריר און קער וואָס אַ מענטש טוט. פאַלט אַ שאָטן... און די שאָטנס נעמען אַראָפּ אַן אומזעבאַרע פאָטאָגראַפיע פון אַלץ. די שאָטנס זיי־נען די אייביקע שפּיגלען פון דער ווירקלאַכקייט... און זיי גייען אַוועק אין דער אומענדלאַכער וועלט און בלייבן אייביקע צייכנס פון דער פאַרגאַנגלאַכער וועלט... דערפאַר זאָלט איר וויסן, אַז אַלץ וואָס דער מענטש טוט בלייבט אייביק. מען קען נישט צוריקכאַפּן. גוט אָדער שלעכט. וואָס מען האָט אָפּגעטאָן איז פאַרפאַלן.

שרייבער: דערפאַר דאַרף מען אויסקלייבן אַלע־מאָל צו טאָן דאָס, אויף וואָס מען האָט קיינמאָל ניט קיין חרטה — —

קריטיקער: דאָס קלינגט גיכער ווי מוסר פון אַ מגיד.

שרייבער: ווייזט אויס, אפילו פּראָפעסיאָנעלע קריטיקער האָבן אויך פיינט קריטיק, ווען עס רירט אָן זיי פּערזענלאַך.

קריטיקער: וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט מיר?

שרייבער: לאָזט ריידן. ברעכט מיך ניט אונ־טער וועט איר שוין הערן —

קריטיקער: נאָר צום פּונקט.

שרייבער: ניט צום פּונקט. איך האָב ליב צו

ריידן צום גאַנצן מענטשן — — נאָר אויב איר ווילט דוקא אַ פּונקט, וועל איך זאָגן, אַז גוטס און שלעכטס האָט צו טאָן מיט אַלע מענטשן... אפילו ניטשע׳ס אויבערמענטש, אויב ס׳איז מעגלאַך אַזאַ, וועט זיך פון דעם רינג ניט קענען אַרויסדרייען. דאָס איז דער רינג פון אונזער לעבן. ניטשע האָט געוואָלט פאַר׳ן מענטשן עפענען אַ טירל, און אים אַרויספירן אויף יענער זייט פון גוטס און בייז. אָבער מען קען פון דעם פאַר־כישופ׳טן רינג ניט אַרויסלויפן, ווען מען וויל מיטשטראָמען מיט׳ן רעאַלן לעבן. דערווייל איז גוטס און שלעכטס, ליבע און האַס, די זיכערסטע אמת׳ן אין מענטשלאַכן לעבן. טראַץ דעם קריסטלאַכן פריידיקן צו זיין אויך גוט צו די, וואָס טוען אונז בייז, האָבן מיר נאָר ליב די, וואָס טוען אונז גוטס, און האַסן די, וואָס טוען אונז בייז.. און ווען מיר קאָנען ניט אוממענטשלאַך גוט זיין, לאָמיר האַסן די עטיק וואָס טוט אונז בייז. און זיך שטעלן קעגן איר, און מיט אונזער קראַפט דורכפירן אונזער גוטסקייט...

קריטיקער: וואָס איז דאָס, פּאָלעמיק? קיין מאָראַל דאַרף מען אונז ניט פּריידיקן, מיר זיינען שוין צו מאָראַליש...

שרייבער: מיר קענען זיין שאַרפע קריטיקער קעגן אַנדערע, אָבער ווי ווייניק קריטיש זיינען מיר צו זיך אַליין! — יאָ, איך מוז זאָגן אַז איך צווייפל צי אַ קריטיקער האָט אַזאַ נשמה ווי אַ דיכטער. אַ דיכטער איז אַ שעפער. אַ קריטיקער — אַ צעשטערער!

קריטיקער: צום ערשטן וויל איך באַמערקן, אַז אין די הויפּט איינגשאַפטן זיינען אַלע מענטשן גלייך. בלויז ווערטער באַנוצן קענען ניט אַלע גלייך. וועגן דער נשמה וויסן מיר נאָך צו ווייניק, מיר זאָלן קענען דיסקוטירן, ווער ס׳האָט אַ בעסערע, און מיט וואָס זיי אונטערשיידן זיך. צווייטנס, די טענה, אַז אַ קריטיקער

איז אַ צעשטערער איז אַ טעות. איך בין נישט געקומען צעשטערן, נאָר בויען. איך בין נישט געקומען פאַר־לייקענען, נאָר אָנערקענען. אָבער יעדער מענש ווערט מיספאַרשטאַנען ווען ער זאָגט אויפריכטיק וואָס ער דענקט. דערפאַר האַלט מען דעם קריטיקער פאַר אַ צעשטערער, פאַרוואָס האָט איר זיך איינגערעדט אַז דער קריטיקער איז נישט קיין שאַפער? מוז דען ניט דער קריטיקער ברענגען מיט זיך עפּעס וואָס איז פריער ניט געווען? מוז ער ניט געבן געבורט צו אַ נייער לעבנס־אנשויאונג? מענטשן מיינען אַז דער קריטיקער איז בלויז אַ באַהעלפער פון די שרייבער, און זיין אויפגאַבע איז צו אַנאָנסירן זייערע ביכער. אין דער אמת׳ן איז קרי־טיק אַן ערנסטער ענין. דער קריטיקער דאַרף קענען איבערשאַצן ווערטן. דאַרף קענען וועגן און מעסטן און אָפּטיילן דאָס עכטע פון דעם פאַלשן. דער קריטיקער דאַרף קענען זיך באַפרייען פון פרעמדע און אייגענע פאַראורטיילן. ער דאַרף קענען אָוועקטראַכטן דעם שריי־בער, דעם פאַרלעגער און דעם לעזער און דענקען אַן ליטעראַרישער סטראַטעגיק, אָן דיפּלאָמאַטישע חשבונות. אָן מיסטיפיצירטע פראַזן. ער דאַרף קענען ווייזן דעם אמת! ווען דאָס געלינגט, דאַן איז די קריטיק זייער וויכטיק. אָבער זעלטן ווער עס האָט דעם ז ע ל ט ע ־ נ ע ם טאַלאַנט צו דערגיין צו אַזאַ קריטיק. די שטרויכ־לונגען זיינען אָן אַ צאָל. איינער, וואָס פּלוידערט בלויז איבער וואָס אַנדערע האָבן געזאָגט, איז ניט קיין קריטיקער, נאָר אַ רעקלאַמען־אַגענט. איינער וואָס פּאַרטייטשט בלויז וואָס אַ צווייטער האָט געשריבן, איז אַן אַרויסהעלפער. אַן אמת׳ער קריטיקער איז אויך אַ ב אַ ש ע פ ע ר. ער שפּילט ניט לויט פרעמדע נאָטן. נאָר שאַפט זיין אייגענע מעלאָדיע. אַ קריטיקער דאַרף ניט זיין קיין אקציאָנער און אויסשרייען וויפיל אַ ווערק איז ווערט. ער דאַרף אַליין זיין אַ דיכטער און איבערדיכטן

אַ ווערק אויף זיין אייגענעם אופן. דאָס איז קרעאַ־טיווע קריטיק. די גרעסטע מדרגה אין קריטישן שאַפן. אויף אַ קלענערער מדרגה דאַרף דער קריטיקער זיין אַ שפּיגל פאַרן באַוואוסטזיין. דער קריטיקער איז דאָס קרישטאָל גלאָז אין וועלכן דער קינסטלער קען זיך זען אָביעקטיוו. און דורך דעם ווערן אין זיך קלע־רער... דער קינסטלער אַליין קען ניט זיין קיין מבין אויף זיין אייגענעם שאַפן פּונקט ווי אַ שיינע פרוי קען ניט זיין קיין מבין אויף איר שיינקייט. זי ווערט ערשט באַוואוסטזיניק אויף איר שיינקייט ווען אַ מאַן זאָגט דאָס איר... קיין מענטש קען ניט זיין קיין ריכטער איבער זיך אַליין. ביי זיך איז אַ מענטש ניט גוט און ניט שלעכט — ער איז. גוט און שלעכט, שיין און מיאוס, ווערט מען דורך אַנדערע. . די אַנדערע מענטשן ווערן שפּיגלען פאַר אונז — דער שפּיגל פאַר דעם קינסטלער איז דער קריטיקער. צי ער זעט זיך אין אים ריכטיק אָדער ניט, ווענדט זיך אָן דער לויטערקייט פון שפּיגל. די אמת׳ע קריטיקער זיינען לויטער. זיי שפּיגלען פּריזמאַטיש פון זיך אַרוים די קונסט מיט אַלע אירע פאַרבן. ניט ווי טייל פון אונזערע קריטיקער, וואָס זיינען ווי די קרומע שפּיגלען. אַז עס שטעלט זיך אַוועק אַ דאַרער, אַ קליינער, זעט ער אין שפּיגל אויס אַ ברייי־טער, אַ דיקער מיט אַ הויכער ברוסט. שטעלט זיך אַוועק אַ נידעריקער, ווערט ער הויך און לאַנג — ביז אומ־מעגלאַכקייט... דאָס איז ניט קיין קריטיק, נאָר אויפגעבלאָזענע רימערייַ... אמת׳ע קריטיק האָט פּראָ־פּאָרציע, ווי יעדע עכטע קונסט. זי טרייבט ניט אי־בער, ווי אַ היסטערישע פרוי, אירע בייזע אָדער גוטע געפילן... דער אויפריכטיקער קריטיקער איז דאָס קינסטלערישע געוויסן. ער זעט יעדעם ווערק זאָל קריגן זיין פאַרדינטן פּלאַץ, און די פּאַסיקע באַלייכטונג. איר דאַרפט אויך געדענקען אַז אָן דער קריטיק איז אַ

ווערק ערשט האַלב פאַרטיק. די קריטיק דערגאַנצט עס.

שרייבער: דאָס ווילט איר אַזוי... ס'איז ניט אמת! איך וועל אייך ווייזן —

קריטיקער: לאָזט, ווערט ניט אומגעדולדיק, איך וויל איר זאָלט פאַרשטיין, אַז קריטיק איז די העכסטע דיכטונג. און אויב איר ווילט, אויך די העכסטע פי־לאָזאָפיע. ווייל קריטיק איז ניט בלויז פילאָזאָפיע, נאָר די פילאָזאָפיע איבער יעדער פילאָזאָפיע, און די קונסט איבער אַלע קונסטן. נאָך יעדער פילאָזאָפיע און קונסט גייט נאָך די קריטיק און שפּיאָנירט זייערע טריט, צי זיי האָבן ניט פאַר־בלאָנדזשעט אויף פאַלשע וועגן — — דערפאַר, פאַר־שטייט איר מיך, איז דעם קריטיקער'ס אַרבעט מער ווי קאָמפּליצירט. דער שרייבער דאַרף דיכטן דאָס לעבן. דער קריטיקער דאַרף דיכטן דאָס לעבן צוזאַמען מיט דער קונסט...

דעריבער קומט די קריטיק שפּעטער. די קונסט רופט אַרויס דעם קריטיקער. אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו קרי־טיקירן איז ניטאָ קיין קריטיק. אין דער אידישער לי־טעראַטור איז פאַר אַ צייט צוריק געווען ווייניק קונסט־מאַטעריאַל פאַר אמת'ן קריטישן שאַפן. עס האָט ניט אַזוי געפעלט דער קריטיקער, ווי וואָס צו קריטיקירן.

די דאַמע: פון אייך רעדט אַרויס אַ פאַרדראָס. און דאָס פּאַסט ניט פאַר אייך.

קריטיקער: איך האָב גענוג געאַרבעט איבער זיך פריי צו ווערן פון פאַרדראָס און האַס. איינער וואָס קריטיקירט אַנדערע מוז פריער קענען באַזיגן זיך אַליין... פון מיר רעדט ניט אַרויס קיין האַס, נאָר לעבנס קרי־טיק... איך דעק אויף די וואונדן כדי מען זאָל זיי אויסהיילן... איך וויל אויפווייזן אַז אונזערע דיכטער האָבן בלויז פאַרשטאַנען די הייליקייט פון זייער אייגע־

נעם א י ך , אָבער זיי פאַרשטייען נאָך ניט די הייליקייט פון דעם צ ו ו י י ט ן . זיי האָבן נאָך ניט קיין עכט מענטשלאַכע באַציאונג צום צווייטן. דער צווייטער איז פאַר זיי בלויז אַ בריק אַריבערצוגיין צו זייערע צוועקן און קאַפּריזן. זיי פאַרשטייען נאָך ניט, אַז יעדער מענטש איז אַ בריק און אַ צוועק פאַר זיך אַליין... און צו דערגיין צום צווייטן, איז ווייטער ווי צו זיך — דאָס קאָמישע ביי אונז איז, וואָס מען האָט מורא פאַר אַ פרייען קריטישן אַנאַליז... מען וויל דער קריטיקער זאָל זיין אַ ר ו ם - אַ ג ע נ ט — — ער זאָל פאַר דער גאַס אַנאָנסירן די ליטעראַרישע סחורה... אָבער אַ קרעאַטיווער קריטיקער וועט ווי יעדער קינסטלער, ברענגען זיך, — ז י י ן פ ע ר ז ע נ ל א כ ק י י ט —

ש ר י י ב ע ר : מיר דאַכט זיך אַז איר גייט צו אַביסל צו נאָענט צו אונזערע שרייבער. דערפאַר זעט איר בלויז פלעקן. צו קינסטלער, פונקט ווי צו בילדער, דאַרף מען ניט צוגיין צו נאָענט. אַז ניט זעט מען בלויז דאָס מיאוסע. ווען איר זאָלט קוקן אַביסל פון דערווייטנס, וועט איר נאָך געפינען גענוג שיינקייט און אפילו גרויסקייט ביי אונזערע שריפטשטעלער — — דער אידישער שריפטשטעלער איז אַ טראַגישע פיגור. ער איז ווי יענער ריז, וועמען מען האָט פאַרשפאַרט אין אַ קליינער שטייג, און ער איז געווען געצוואונגען זיך אַליין צו פאַרוואַנדלען אין אַ קאַרליק. דעם אידישן קינסטלער פעלט רוים — — אים איז צו ענג. ער קען ניט פאַרטראָגן די שמאָלע גרעניצן. די וועלט האָט דאָס גרויסע אידישע פאָלק פאַרשפאַרט אין אַ תפיסה... ווען אַ אידישער קינסטלער וויל געבן אַ שפרונג, שלאָגט ער זיך אָן אָן דער אייזערנער וואַנט מיט וועלכער די וועלט האָט אונז אַרומגעצאַמט... אָבער טראָץ דער אייזערנער וואַנט ווערט דאָך געשאַפן אַ אידישע ליטעראַטור. און זי אַנטוויקלט זיך, ניט קוקנדיק אויף אַלע

שטערונגען. אמת, זי ווערט געשאַפן דורך פּערזענלאַכער אויפאָפּפערונג — אָבער זי ווערט דאָך געשאַפן! און מיט דעם שטייגן פון דער ליטעראַטור, שטייגן אויך אויף גרויסע פּערזענלאַכקייטן. מען דאַרף נאָר האָבן גענוג ליכט אין די אויגן זיי צו זען...

קריטיקער: איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו אונזערע גרויסע מענטשן. און דאָס וואָס איך האָב געזען האָט מיך געמאַכט צווייפעלן אין מענטשלאַכער גרויסקייט — אפשר איז טאַקע ניט מעגלאַך פאַר מענטשן צו זיין גרוים? יעדע גרויסקייט איז בלויז אַן אילו־זיע, אַן איינריידעניש, אַ פאַרבלענדונג? איך האָב פיל מאָל זיך אַליין גענומען אויפ׳ן פאַרהער און געפרעגט: אפשר בין איך אַליין שולדיק? אפשר זע איך ניט ריכ־טיק? בין איך צו קריטיש און פאַרלאַנג פון מענטשן צופיל? איך האָב געפּרובירט זיך באַפרייען פון אַלע מעגלאַכע פאַראורטיילן און קוקן אויף קינסטלער מיט דער טיפסטער סימפּאַטיע — דער שלום איז געווען: זיי זיינען ניט גרויס... די אמת׳ע גרויסע מענטשן זיינען ניט געווען קיין שרייבער. סאָקראַט, קריסטוס און דער בעל שם האָבן אַליין ניט געשריבן קיין ביכער. שריי־בער האָבן דערנאָך געשריבן וועגן זיי... אין וואָס האָט זיך אויסגעדריקט זייער גרויסקייט? זיי זיינען געווען מענטשן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. זייער חכמה האָט זיך ניט אָנטפּלעקט אין ווערטער, נאָר אין האַנדלונגען. וואָס טויגן די שיינע רייד פון די היינ־טיקע חכמים? די אמת׳ע חכמה איז צו גיין אין די תפיסות און באַפרייען די געפאַנגענע. צו גיין אין די אָרעמע הייזער און העלפן די הילפלאָזע. און ראַטעווען די קראַנקע. צו גיין אין די פאַרלאָזענע גאַסן און געפינען אַ געלעגער פאַר די היימלאָזע. ווער פון אייך, היינטיקע חכמים, האָט אַ פריי בעט פאַר אַ היימלאָזן מענטשן אויף איבערצונעכטיקן? איר האָט שיינע ווייכע בעטן

פאַר זיך און פאַר אייערע פריינט, אָבער פאַר די רולאָזע מענטשן וואָס וואַלגערן זיך אין די גאַסן, האָט איר קיין פלאַץ ניט. אַמאָליקע צייטן האָבן אידן ניט געהאַט אַזעלכע רייכע הייזער מיט שיינע מעבל און צירונג, אָבער זיי האָבן געגעבן צו עסן און צו טרינקען אַן אורח. אפילו ביי די אָרעמסטע איז שטענדיק געווען אַ געלע־גער פאַר פרעמדע. וואו האָט איר היינט הייזער וואָס זאָלן זיין אָפן פאַר אָרעמע לייט? זיינען די היינטיקע גרויסע מענטשן בעסער אין דער באַציאונג? מעגלאַך אַז אַמאָל זיינען שריפטשטעלער געווען גרויסע געשטאַלטן. אָבער זיי זיינען פאַרשוואונדן. היינט איז די צייט פון קליינע מענטשן, קליינע טאַטן און קליינע שרייבער —

שרייבער: מיר וואונדערט נאָר וואָס איר רעדט מיט אַזאַ זיכערקייט. ווי קומט דאָס וואָס איר, אַלס סקעפּטיקער, זענט סקעפּטיש צו אַלץ און אַלעמען, און ניט צו זיך אַליין? מיט וואָס פאַר אַ רעכט קומט איר פאַראורטיילן מענטשן וואָס זיינען דער שטאָלץ פון דעם אידישן פאָלק?

קריטיקער: מיט דעם רעכט פון מיינע אויגן וואָס האָבן געזען. און מיינע אויערן וואָס האָבן געהערט, און פון מיין האַרץ וואָס האָט געפילט...

שרייבער: עס קען דאָך אָבער זיין אַז איר האָט שלעכט געזען, פאַלש געהערט און עגאָאיסטיש געפילט? און דערפאַר קען זיין איז אייער מיינונג וועגן שרייבער אינגאַנצן אַ פאַלשע. קיין מענטש זעט ניט דעם צווייטן אַזוי ווי ער איז. אַ מענטש אַליין קען זיך אויך ניט זען אַזוי ווי ער איז. אויב ס'איז דאָ אַן אַלוויסנדער גאָט, זעט ער אונז אַזוי ווי מיר זיינען אין דער אמת'ן... מיר מענטשן קענען ניט זען די נשמות פון מענטשן, מיר זעען בלויז די סימבאָלן וואָס די עקס־שטראַלן פון אונזער באַוואוסטזיין ווייזן אונז. יעדער מענטש שאַפט מיט זיינע האַנדלונגען און מיט זיינע רייד פון זיך

שאַטנס. און די אַרומיקע מענטשן האָבן בלויז באַצי־
אונגען צו די שאַטנס. דערפאַר וועט ניט זיין קיין אי־
בערטרייבונג ווען איך וועל זאָגן אַז די מענטשן לעבן
אין אַ וועלט פון שאַטנס... און ווען זיי האַסן איינעם,
האַסן זיי ניט דעם מענטשן, נאָר זיין שאָטן. ווייל דעם
אמת׳ן מענטשן קענען זיי ניט. און קענען ווען אים
ניט ריכטיק אורטיילן. דערפאַר איז יעדער אורטייל
אָדער פאַראורטייל קעגן אַ מענטשן, ניט קיין גערעכ־
טער...

קריטיקער: ווי איך זע ווילט איר די מענטשן
פאַרוואַנדלען אין שאַטנס, כדי עס זאָל ניט זיין ווער
צוצובינדן צו דער פיינלאַכער פאַראַנטוואָרטלאַכקייט. איר
מאַכט דערמיט גאָר ניט לייכטער. דער פּראָבלעם איז,
וואָס אַ פרידלאַכער מענטש דאַרף זיך נאָך היינט פילן
צווישן אייגענע מענטשן ווי צווישן וועלף — ווי קען
מען אַזוי לעבן? דאָס שרייבער־אינזל וואָלט באַדאַרפט
זיין דאָס ריינסטע אָרט אויף דער ערד. ליידער איז
עס ניט אַזוי — פאַר אַן איידעלן מענטשן דאַרף מען
זוכן אַ נייעם פּלאַנעט!..

שרייבער: מען דאַרף ניט אַנווענדן קיין אַב־
סאָלוטע מאָס. אַלץ איז רעלאַטיוו. שרייבער זיינען
אויך ניט מער ווי שטאַרבלאַכע, און זיינען אַרומגע־
רינגלט מיט פילע אומפאַרמיידלאַכע אורזאַכן... און
מען דאַרף ניט פאַרלאַנגען קיין פאָלקאָמענקייט אין
זייער פּערזענלאַכן לעבן... אין זייער שאַפן הויבן זיי
זיך אַריבער איבער זייער אייגענעם איך — און מער
דאַרפן מיר ניט פאַרלאַנגען פון אַ שרייבער, נאָר ער
זאָל שאַפן. שיין שאַפן — —

קריטיקער: ווי קען זיין שיין די שאַפונג,
אַז דער מענטש וואָס שאַפט איז מיאוס? עס זיינען
ביי מיר צעשטערט געוואָרן אילוזיעס נאָך אילוזיעס.
אונטער מענטשלאַכע אמת׳ן האָב איך געזען נעסטן פון

ליגנס. אונטער טעמפּלען פון הייליקייט האָב איך געזען קעלערס פון זינד... אונטער די הויכע בוימער פון אידעאַלן האָב איך געזען וואַקסן די גיפטיקע שוואָמען פון קליינלאַכע אינטערעסן און עגאָאיסטישע פאַרלאַנגען. אונטער דעם קלינגענדיקן רוף: דערלייזונג פון פאָלק! האָב איך געהערט דאָס שטילע סוד׳ן זיך וועגן פּריוואַטע צוועקן. איך האָב געזען מענטשן וואָס האָבן פאַרטיידיקט די וואַרהייט און זיינען געבליבן אירע פריינט אַזוי לאַנג ווי זי האָט געדינט זייער ווילן. איך האָב געזען קינסטלער וואָס האָבן אַ נשמה צו פילן איינציקע זאַכן, אָבער ווייטער זעען זיי אַזוי פאַלש, אַז איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר זייער אינערלאַכער בלינדקייט. איך האָב געזען פּאָעטן וואָס זיינען וואולגאַרע פּראָזאַאישע מענטשן. געהערט זינגער וואָס אין זייער מוזיק זיינען זיי צאַרט ווי אַ חלום און אין זייער ריידן גראָב ווי גאַסניונגען. איך האָב דערקענט פריינט וואָס אין די אויגן טריפן זיי מיט האָניק, — אונטער די אויגן שפּייען זיי מיט גיפט. איך קען אַזוינע וואָס פאָזירן פאַר דער וועלט ווי חכמים, און אין זייער לעבן זיינען זיי נאַריש און מאַכן נאַריש יעדן איינעם וואָס זיי באַגעגענען. איך האָב געזען שריפטשטעלער וואָס שטעלן שריפט צוזאַמען מיט ליגן — צוליב געוויסע באַדינגונגען... איך האָב געזען מענטשן וואָס שטורמען מיט וועלט-דערלייזונג, און ווילן ניט העלפן מיט דאָס מינדסטע זייערע נאָענטע און באַקאַנטע.

ש ר י י ב ע ר: אויב דאָס זאָל טיילווייז זיין אמת — וואו איז דער אויסוועג?

ק ר י ט י ק ע ר: איך מיין, אַז שרייבער האָבן באַדאַרפט מיט זיך פאַרשטעלן דעם העראָאיזם פון גייסט. אָבער זיי פּראַקטיצירן אויך ניט מער יושר ווי אַנדערע —

ש ר י י ב ע ר: אַנטשולדיקט. איר רעדט זייער

נאאיוו. ווי קען מעגלאך זיין גערעכטיקייט אין א געזעלשאפט וואו דאס עלעמענטארע לעבן איז געבויט אויף א פאלשן פונדאמענט? — אויף עגאאיסטיש איי־גענטום? אין אזא כאאס איז דער וואס האט לאנגע הענט דערפאלגרייך און קריגט וואס ער דארף און נאך מער... א שרייבער דארף אויך, אויסער זיין טאלאנט, האבן לאנגע הענט. אויב ניט, קריגט ער ניט וואס אים קומט. פאר דער זעלבער ליטעראַרישער אר־בעט ווערן ניט אלע גלייך באלוינט. בנוגע טאלאנט איז אויך ניטא קיין יושר. איין שרייבער ווערט גע־שעצט און אפטמאל איבערגעשעצט... א צווייטער ווערט ניט אפגעשעצט, — אדער אינ־גאנצן פארזען — —

קריטיקער: ווער איז אין דעם שולדיק אויב ניט זיי אליין? פונקט ווי אין דער וואולגארער טעאטער וועלט הערשט אויך ביי שרייבער די שטערן סיסטעם. די שטערן פארצערן די מיטלען מיט וועלכע די אנדערע קינסטלער וואלטן געקענט לעבן. אפטמאל זיינען דאס אזעלכע שטערן, וואס האבן שוין לאנג ניט קיין ליכט... זיי נוצן בלויז אוים די אילוזיע פון זייער אמאליקן שיין — און לאזן קיין נייע ליכט ניט אנצינדן...

שרייבער: איך מיין אז קיינער איז אין דעם אזוי ניט שולדיק, ווי די אומנארמאלע לאגע אין וועלכער מיר אידן קווען זיך. דערפאר קענען מיר ניט זיין אזוי גוט ווי מיר ווילן, און מוזן זיין ערגער ווי מיר זיינען... פונדעסטוועגן געפינט זיך יעדער טאלאנט ביי אונז זיין וועג...

קריטיקער: וואס טויג מיט אייך צו ריידן, אז איר ווילט ניט זען אונזער פארשאלטענע פאזיציע. — זאגט מיר, איך בעט אייך, וואוהין קען א אידישער טא־לאנט דערגיין? ביי לייטן אז א מענטש ווייזט ארוים

טאַלאַנט, קריגט ער אַ געלעגנהייט אים ווייטער אַרויס־צואווייזן — ביי אונז אַז איינער קומט מיט טאַלאַנט און מען אַנערקענט אים — ערשט דאַן דאַרף מען אים ניט האָבן... ערשט דאַן ווערט דער טאַלאַנט אַ שטער־רונג צום לעבן... אין דער וועלט פון דלות דאַרף מען בלויז פ י י א י ק י י ט זיך צו קענען צופּאַסן. אמת'ער טאַלאַנט, איז אַן אומגליק. ווייל אין דער וועלט פון דלות קען זיך אַ מענטש ניט ד ו ר כ מ ע נ ט ש־ל ע ן, נאָר ד ו ר כ ו ו ע ר י מ ע ן — — אַ אידי־שער קינסטלער קען ניט אויפהאַלטן זיין שטאַלץ. אין דער דלות־וועלט איז ניט מעגלאַך קיין זעלבסטווערדע, קיין זעלבסטשטענדיקייט, קיין אומאָפּהענגיק דענקען, און פילן. אַלע זיינען געצוואונגען צו זען דאָס לעבן מיט אַלע דערשיינונגען דורך דעם ש ט ו י ב פ ו ן פ ע ר ז ע נ ל אַ כ ע א י נ ט ע ר ע ס ן... איז ווי אַזוי קען ביי זיי געבוירן ווערן שיינקייט?

ש ר י י ב ע ר: איר האָט מיך מיט אייערע מורא'־דיקע אָנקלאַגן און טענות ניט איבערגעשראָקן. איך קען אויך אַביסל די לינקע זייט פון אונזער גייסטיקן לעבן — פונדעסטוועגן בין איך קיינמאָל ניט געוואָרן פאַר־ביטערט. איך האַלט אַז שאַפונג לייטערט. און קיי־נער וועט דאָך ניט אָפּלייקענען, אַז טראָץ אַלע שטער־רונגען זיינען מיר פּראָדוקטיוו. און דאָס דאַרפט איר האָבן אין זינען: אַז ווען דער מענטש שאַפט ווערט ער גרויס — —

ק ר י ט י ק ע ר: דאָס זיינען אַלץ ליטעראַרישע געריכטן... אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט'ן רעאַלן מאַלצייט פון לעבן? איז דאָס לעבן ניט וויכ־טיקער ווי אַלע קונצן און קונסטן צוזאַמענגענומען? און אָט דאָס שיינע לעבן פאַרמיאוסן אפילו אונזערע שענסטע מענטשן...

שרייבער: וואָס איז וועגן אונזערע קריטי־קער? זיי זיינען דען בעסער?

קריטיקער: אַ טייל זיינען נאָך אפשר ער־גער. ווי קען מען עפּעס זאָגן וועגן מענטשן וואָס שטעלן זיך אַלעמאָל אַרוים מיט זייער אַלוויסנדיקייט, וואָס זיינען שטענדיק אַזוי פאַטאַל קאָרעקט, אַז עס וואָלט געווען אַ דערפרישונג זיי זאָלן אַמאָל האָבן אַ טעות און אויסדריקן זייערע אייגענע מיינונגען. אויב זיי האָבן אַזעלכע... די קריטיק האָלט מען ביי אונז פאַר אַזוי אומוויכטיק, אַז מען האָט זי איבערגעגעבן אין די הענט פון די מיטל־מעסיקע ווערטער שפּעקולאַנטן. צום גליק זיינען דאָ אַ פּאָר אויסנאַמען:

איינער, וואָס קען מיט אַ פּאָר כּשוף־ווערטער אייך אַריינשפּיגלען אַ צויבער־וועלט, וואָלט געקענט ווערן זייער גוט, פלאָנטערט ער זיך מיט ווערטער אין שאָטנס און ווערט נישט, ער וואַרט אויף זיין משיח...

אַ צווייטער איז שוין אַלץ וואָס ער האָט געקענט ווערן... ער איז געוואָרן גוטמוטיק, מענטשלאַך און הויכט אַריין אַ גוט געפיל אין אַלץ וואָס ער שרייבט. ער איז גוט, אָבער נים גענוג...

אַ דריטער ברענגט מיט זיך ווערדע, גרוים ערנסט. אַ שיינע באַציאונג. ער לעבט זייער גוט אין די ביכער. אויסער די ביכער ווייסן מיר גאָרנישט פון אים. דער מענטש אַליין קומט קיינמאָל נים צו אונז. מיר ווייסן נים זיין באַציאונג צום לעבן, צי האָלט ער אַז מען דאַרף ענטפערן אויף אַ באַליידיקונג מיט נאָך אַ שטאַרקערער באַליידיקונג, צי איז בעסער צו פאַרשווייגן. און נאָך אַזעלכע מענטשלאַכקייטן.. ער איז דער אמת׳ער עסטעט, דער ראַפינירטער אייראָפּייער. שפּאַצירט בלויז אויף די שיינע בולוואַרן. די מיאוסע, קליינע געסלאַך, מיידט ער אוים... ער וויל נישט זען זייערע בלאָטעס, וויל נישט געשטערט ווערן פון זייער אומעסטעטישקייט.

ער זעט מער די קולטור, ווי דאָס לעבן. ווען ער וואָלט געווען אין זיין שאַפן מער פערזענלאַך, און זיין אייגענע קריטיק קריטיקירט, וואָלט ער געווען אַ גרויסער קרי־טיקער. ביי אַן אָרעם פאָלק מיט אַן אָרעמער ליטעראַטור איז שווער עס זאָל זיין אַן אויפריכטיקע קריטיק. אַ קרי־טיקער דאַרף האָבן אַ מעגלאַכקייט זיך צו ספעציאַליזירן, ניט שרייבן איבער אַלץ און גאָרניט. ער דאַרף זיך געפינען אין אַזעלכע אומשטענדן ער זאָל קאָנען זיין פריי פון יעדן רעדאַקציאָנעלן איינפלוס. ער מוז זיין אינגאַנצן אַן אומאָפּהענגיקער מענטש, ער זאָל קאָנען פריי אורטיילן... און אַזעלכע באַדינגונגען דאַרפן ביי אונז ערשט געשאַפן ווערן!



# די אידעאַלע קריטיק

ד אַ מ ע : טוט מיר צוליב און בייט איבער די טעמע. אַלעמאָל וועגן ליטעראַטור. איז שוין ניטאָ קיין אינטערעסאַנטערס פון וואָס צו ריידן?

ק ר י ט י ק ע ר : די פּראָבלעמען וואָס אונז אינטע־רעסירן האָבן מיר שוין אַרומגערעדט. ווייטער, וואָס איז איבעהויפּט דאָ אינטערעסאַנטעס אין דער מענטש־לאַך באַשאַפענער וועלט? אַז אַלץ איז פון אינעווייניג אויסגעהוילט. די מענטשלאַכע נשמה איז ליידיק, — ווי אַ לאָגל אָן אַ דנאָ. אָדער זי איז אָנגעפילט מיט ליגנס, איינריידעניש, שרעק און פאַלשע אילוזיעס... דרינגט מען אַריין טיפער אין לעבן, זעט מען, אַז אַלץ איז אומ־זיניק... ווייל דער צופאַל איז נאָך אַלץ דער שטאַרק־סטער פירער... איז אונז שווער אַריבערצוטראָגן דעם אומזין, שטרענגט מען זיך אָן, מען מאַכט זאַכן וויכ־טיק, מען הויכט אין זיי אַריין אַ זין...

ש ר י י ב ע ר : אַבי איך האָב געמיינט, אַז איר זענט שטאַרק ערנסט —

ק ר י ט י ק ע ר : אודאי בין איך ערנסט. איך בין ערנסט אין אַלץ — אפילו אין מיין ניט ערנסט זיין... דאָס שטערט מיר אָבער ניט צו זען, אַז אַ גרויסער טייל פון אונזער טראַכטן איז ניט מער ווי זעלבסט־פאַרבלענדונג... און דאָס גאַנצע מענטשלאַכע לעבן איז אפשר אַ פילפאַרביקע אילוזיע... דעריבער — פאַרוואָס ניט אויסלאַכן דאָס לעבן און זיך אַליין?

די ד אַ מ ע : איך האַלט אויך, אַז מען דאַרף ניט זיין צו ערנסט. צו קוקן הומאָריסטיש אויפן לעבן און אויף זיך אַליין, איז פיל העכער, אָבער אונ־

טער דעם הומאָר דאַרף זיך באַהאַלטן אַן ערנסטע טיפקייט....

שרייבער: הומאָר קען ניט זיין טיף, ווייל הומאָר איז ניט טיף־פערזענלאך, נאָר געזעלשאַפטלאַך פלאַך. ווען לאַכט אַ מענטש? ניט ווען ער איז מיט זיך אַליין, ווען ער איז פאַרליבט, אנטוישט, טראַגיש, נאָר ווען ער איז אין געזעלשאַפט; און אין געזעלשאַפט, לעבט אַ מענטש ניט טיף, דאָס אינטענסיווע, טראַגישע, לעבט מען דורך אין דער איינזאַמקייט... ווען אַ מענטש פילט די ליידן פון דעם אומפאַרמיידלאַכן, קען ניט העלפן קיין הומאָר צו מילדערן די טראַגעדיע... ווען מען פרעגלט זיך אין אַ גיהנום פון פיין, העלפט ניט זיך אַליין ארויסצושטעלן אַ צונג — עס לאַכט זיך ניט... הומאָר קען נאָר מילדערן לייכטן טרויער, קעגן שווערן אומגליק איז הומאָר אָן מאַכט.

קריטיקער: זיינען דען מענטשלאַכע גליקן און אומגליקן ניט קיין אילוזיעס? אַלץ ווערט אויפגעלייזט אין דעם קאַלטן פייער פון פאַרגאַנגלאַכקייט. אַלץ ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ גייסטיקן סימבאָל... נאָר די חכמה פון אַ מענטשן איז צו פאַרשטיין, אַז אַלץ איז אַן אילוזיע, און דאָך ליב האָבן די אילוזיע...

די דאַמע: ווי איך זע, האָט איר אַ פאַרגעניגן אַלץ צו דערפירן צו גאָרנישט — אפילו אייערע אייגענע אידייען. געזונטערהייט. אַ מענטש האָט אַ רעכט אויסצוקלייבן זיינע פאַרגעניגנס...

קריטיקער: איר נעמט אונזערע געדאַנקען צו לייכט... קען דאָך זיין, אַז מיין באַוואוסטזיין איז באַלאָדן מיט צופיל שווערקייטן, דערפאַר שאַף איך זיך אַ לייכטע פילאָזאָפיע זיך צו פאַרלייכטערן... נעמט ניט פאַר אומגוט מיין ריידן וועגן זיך... יעדער מענטש פאַרגעסט אַמאָל און זינדיקט... נאָר פונקט ווי איך בעט דעם באַשאַפער, ער זאָל מיר ווייזן דעם ריכטיקן

וועג פון לעבן, אזוי בעט איך אויך, ער זאָל מיר געבן כח צו שווייגן וועגן זיך... פונדעסטוועגן וויל איך אייך באַמערקן, אַז איר האָט זיך אודאי ניט גוט איינגעהערט אין דעם אָטעם פון אונזערע נשמות, אַז ניט וואָלט איר אונז בעסער באַנומען... פאַלט אייך ניט איין, אַז די האַלבע און גאַנצע פּאַראַדאָקסן זיינען אפשר דער רעזולטאַט פון אַ גאַנץ לעבן טראַכטן? מיר זיינען פיל ערנסטער ווי אייך קען זיך אויסדאַכטן...

דאַמע: די פּאַראַדאָקסן זיינען אפשר רעזולטירט פון לאַנגן טראַכטן, נאָר אייער טאָן איז ניט אַזוי. איר מאַכט אַלץ אַוועק מיט די פינגער, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט בלויז געווען פאַר אייך אַ שפּאַס.

קריטיקער: אין דעם, קען זיין, איז דאָ אמת, אָבער דער שפּאַס אַליין איז דאָך אַזאַ גרויסער ערנסט —

די דאַמע: ווי קען אַ מענטש זיין ערנסט, ווען ער לאַכט אויס אַלץ און אַלעמען? די ליטעראַטור איז פאַר אייך ניט גענוג גוט, די קריטיק איז נאָך ניט געשאַפן — די גאַנצע וועלט געפעלט אייך ניט. זאָגט מיר, וואו איז אייער הונדערט פּראָצענטיקע גוטקייט? אדרבא, זאָגט אונז, וואָס זאָל אונז פירן? ווייזט אונז דאָס אמת'ע ליכט...

קריטיקער: איר רעדט ווי אַ גרויס קינד. ווייסט איר ניט, אַז מען קען לאַכן פון דער וועלט, און מען זאָל זיין דערביי זייער ערנסט? דער וואָס קען ניט לאַכן, איז אַ בלינדער, וואָס מיינט, אַז ער גייט אויף אַ זיכערן וועג, ווען ער בלאָנדזשעט גאָר אין אַ מדבר... פאַרשטיין אַז מען בלאָנדזשעט איז אַ דערגרייכונג. זייער ווייניק קענען דאָס. די מערסטע מיינען: אַלע אַנדערע בלאָנדזשען, נאָר זיי אַליין זיינען אויפן ריכטיקן וועג. דאָס זיינען די זעענדיקע בלינדע... זאָל איך זיי ווייזן דאָס אמת'ע ליכט? ניטאָ אַזאַ

אינערלאַך ליכט, וואָס אַ מענטש זאָל קענען ווייזן אַ צווייטן. אַ ליכט איז דאָ, נאָר יעדער מוז עס זוכן אַזוי לאַנג ביז ער אַליין וועט עס געפינען... די, וואָס זאָגן, אַז זיי קענען ווייזן וואונדער, בענקען אַליין נאָך אַ וואונדער — און בלייבן ביים בענקען... קיין מענטש קען ניט פירן, יעדער פירער בלאָנדזשעט אַליין...

שרייבער: אויף וואָס בויט איר דאָס אַלץ? אויף וואָס האָט איר זיך אָוועקגעשטעלט?

קריטיקער: איך שטיי אויף די חורבות פון מיינע אַמאָליקע געטער...

שרייבער: דאָס איז שוין אויך ניט ניי. דערפאַר, ניט אינטערעסאַנט. לאָמיך פון אייך אַמאָל הערן אַן אינטימן אמת.

קריטיקער: די, וואָס ווילן נייעס, גיבן אויך קיין נייעס ניט... און די וואָס בענקען אַזוי שטאַרק נאָכן אמת, פילן זיך ניט אַזוי גוט אין זיין קעגנוואַרט. גלויבט מיר, איך האָב אַ סך באַהויפּטונגען געקענט באַהויפּטן פאַרקערט, און זיי וואָלטן אויך אפשר אויסגעזען אינטערעסאַנט: געדאַנקען זיינען פאַרפירעריש און בלענדיק, און דער וואָס באַשאַפט זיי, ווערט אַליין אָפט פאַרבלענדט פון זייער שיין . . . די פראַגע איז ניט צי אַ מענטש זאָגט אַלץ אמת, — אמת'ן וואַלגערן זיך אומעטום, און יעדער קען זיי אויפהויבן ווען ער וויל. — די הויפּט פראַגע: צי דער מענטש זאָגט זיין אמת און צי זיין אמת איז לעבעדיק, פרוכטבאַר, און רעגט אָן אַנדערע אמת'דיק צו דענקען... געדאַנקען דאַרפן ני טאַלעמאָל זיין איבערציינגנד, זיי דאַרפן אָבער זיין סוגעסטיוו — אינספּיראַטיוו... די וואָס ברענגען פאַרטיקע אמת'ן, זיינען געגליכן צו דאָקטוירים וואָס גיבן פאַרטיקע רפואות, מען שלינגט זיי אַרונטער, אָבער זיי האָבן ניט קיין ווירקונג...

שרייבער: פאַרוואָס ווענדט איר ניט אָן דעם זעלבן בליק אויף זיך אַליין?

קריטיקער: צו זיך אַליין קען אפילו אַ קריטיקער ניט זיין קריטיש... ווי אַ ריכטער קען זיך אַליין ניט משפט'ן. דאָס טאַקע ברענגט אַרויס מיין אמת: אַז פאַר יעדן איינעם איז נויטיק קריטיק — אפילו פאַרן קריטיקער...

שרייבער: דאָס זיינען אַלץ אַבסטראַקציעס. לאָמיר רעדן וועגן עפּעס באַשטימטעס. וואָס מיך אינ־טערעסירט, איז די אידישע ליטעראַטור, אין איר גאַנ־צער טיפקייט און ברייטקייט.

קיטיקער: ווי קען זיין אַן עכטע אידישע ליטעראַטור, אַז כמעט אַלץ ווערט ביי אונז געשאַפן אין די צייטונגען... די ברייטקייט פון דער אידישער ליטעראַטור ווערט פאַרשמעלט אין די שמאָלע צייטונג קאָלומס... די שרייבער וואָס האָבן ניט געקענט אַריינ־קומען אין דער צייטונגס וועלט, זיינען כמעט געבליבן אין פּריוואַטע גרעניצן. קיין ווירקונג אויפן פאָלק האָבן זיי ניט געהאַט. די צייטונגען באַווירקן אונזער גאַנצן גייסטיקן לעבן. זיי ווירקן ניט בלויז אויף די לעזער, נאָר אויך אויף די שרייבער... דערפאַר ווערן ביי אונז מערסטנס פּראָדוצירט קורצע לידער און קליינע נאָוועלן, צוגעפּאַסט פאַרן מאָמענט. ווערק, וואָס זאָלן אַרומנעמען דעם גאַנצן פאָלקס לעבן, זיינען ביי אונז אַ זעלטנקייט...

שרייבער: מיר דאַכט זיך, איר זענט צו פּעסימיסטיש צום אידישן שאַפן. זיינען ניט כמעט אַלע אונזערע שרייבער געווען כלל שרייבער? מענדעלי, שלום עליכם און פּרץ האָבן אין זיך געטראָגן דעם גייסט פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק. דערנאָך איז געקומען אַ רעאַקציע, דער איינציקער מענטש האָט גענומען דורכשניידן אַט דאָס כלל'דיקע, און האָט אויפ־

געשטעלט זיין וויכטיקייט. דאָס איז געווען אַ נויטווענ־דיקייט, ס'האָט געמאַכט דעם יחיד דורכזיכ־טיק פאַר אונזערע אויגן... מיר האָבן דערזען דעם איינציקן מענטשן אַזוי ווי ער איז אַרוים פון גאָטס האַנט... אין דער נייער ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן דער שפּיגל פון דעם איינציקן...

קריטיקער: אָבער וואוהין קען אונז דער איינציקער דערפירן? אַ ליטעראַטור וועגן איינציקן האָט נאָר אַן אינטערעס פאַר איינציקע... אַ ליטעראַטור דאַרף זיין פאַרן גאַנצן פאָלק. און אויב זי וועט זיין גוט פאַרן פאָלק, וועט זי זיין גוט פאַר דער גאַנצער וועלט... מיר זיינען אַ פאָלק אַן אַ לאַנד און פון אַלע לענדער, דאַרף אונזער ליטעראַטור זיין נאַציאָ־נאַל און אַלמענטשלאַך. מיר דאַרפן ניט פאַרשטעלן אונזער פּנים... מיר דאַרפן שטיין מיטן פּנים צו דער וועלט... אַרוים אָפן מיט אונזער נשמה און ווייזן ווער מיר האַלטן פאַר אונזערע פריינט און וועמען פאַר אונזערע שונאים... אויב אידן האָבן ניט פאַר וואָס מלחמה צו האַלטן, דאַרפן מיר אַרוים אָפן און זאָגן: מיר זיינען קעגן מלחמה! ווייסן מיר, אַז די סאָוויעט רעגירונג איז די איינציקע אין דער געשיכטע, וואָס האָט פאַרהיט אידן פון פּאָגראָמען, דאַרפן מיר מוטיק דערקלערן: די באָלשעוויקעס זיינען אונזערע פריינט! ווייל זיי באַשיצן אונז!

שרייבער: וואָס קען פאַר דעם טאָן די אידישע ליטעראַטור?

קריטיקער: די אידישע ליטעראַטור קען אויפ־וועקן דעם געוויסן פון דער וועלט וועגן איר פאַרברע־כערישער באַציאונג צום אידישן פאָלק. מיר דאַרפן שמידן שטאַרקע ווערטער, נייע אומפאַרגאַנגלאַכע ווער־טער פאַר אונזער אייביקן זיין... האָבן מיר בלויז טרערן און זיפצן? מיר דאַרפן ווערטער ווי שלאַנגען,

וואָס זאָלן בייסן און גיפטן. ווערטער וואָס זאָלן קריצן און בליצן, אַז די וועלט זאָל אויפציטערן! וואו זיינען די אייביקע אידישע מאַרטירער העלדן אין אונזער ליטעראַטור? מיר האָבן דער וועלט געגעבן אַ דערלייזער, און די וועלט האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ ליגן... אונזערע העלדן האָבן אַוועקגעטראָגן אונזער ליכט צו דער וועלט, און זי האָט דערפאַר אונז צוריק־געגעבן איר פינסטערניש... וואו איז דער געקרייציקטער אין אונזער ליטעראַטור? די אידישע ליטעראַטור דאַרף ווייזן די פאַרבלוטיקטע געשטאַלטן, די מאַרטירער פון לענדער און צייטן, זאָל די וועלט זיי זען! זאָל די וועלט זיך שפּיגלען אין איר אייגענעם פאַרבלוטיקטן שפּיגל!.. די פרעמדע וועלט וועט דעם שוואַרצן שפּיגל פאַר זיך אַליין ניט אַוועקשטעלן... דאָס דאַרפן טאָן מיר, די קינסטלער פון אידישן פאָלק.

שרייבער: דאָס איז דער גייסטיקער גיפט, וואָס מיר דאַרפן צוריקגעבן דער וועלט, אָבער וואָס וועלן מיר האָבן דערפון?

קריטיקער: דאָס וועט אויפוועקן דעם אידישן באַוואוסטזיין. אונז צוריקברענגען צו דער גרויסער שאַ־פערישקייט...

שרייבער: דאָס זיינען אַלץ שיינע טעאָרע־טישע שפּעקולאַציעס. אָבער אין דער אמת׳ן ווי קען מען זאָגן, וואָס מען דאַרף שרייבן? וואָס אַ ליטעראַטור דאַרף זיין? ביי אונז איז נאָך אַ פּראָבלעם צי האָבן מיר פאַר וועמען צו שאַפן אַ לי־טעראַטור? צי וועט דאָס אידישע פאָלק לעבן מיט דער אידישער שפּראַך? דער נייער דור גייט אַוועק פון אונז. מיר ווערן בלויז געלעזן פון עלטערע אידן. און וואָס פאַר אַ צוקונפט האָט אַ ליטעראַטור אָן דעם נייעם דור?

קריטיקער: דערווייל איז אידיש אונזער שפּראַך

און מיר האָבן שיינע שרייבער און שיינע ביכער. נאָר מיר האָבן ווייניק העלדן געשטאַלטן אין די ביכער, און ווייניק שרייבער־פּערזענלאַכקייטן. פּרץ איז געווען די גרויסע געשטאַלט אין דער אידישער ליטעראַטור. ער האָט פאַרשטאַנען אַז אַ פאָלק, ווי אַ יחיד, מוז האָבן אַ גייסטיקן קאָמפּאַס וואָס זאָל אים פירן, אָן דעם קען דאָס פאָלק ניט זיין קרעאַטיוו... יענעם קאָמפּאַס האָט פּרץ געזוכט צו געבן אין זיין הויפּט ווערק: די גאָל־דענע קייט, וואו ער האָט אונז געוויזן, אַז דער זין פון דער וועלט איז צו דערגיין צו דער הייליקייט פון שבת. דער מענטש דאַרף אַרויסטרעטן אפילו קעגן גאָט, ווען מען דאַרף דערלייזן די וועלט. דער מענטש מוז שאַפן אַ נייעם וועלט געבאָט: ניט זעקס טעג וואָך, און בלויז איין טאָג שבת, אַלע טעג דאַרפן ווערן שבת! און אַלע מענטשן דאַרפן ווערן שבת׳דיק! אין דעם איז דאָ עקסטאַז און שיינקייט... פּרץ, ווי יעדע קרעאַטיווע פּערזענלאַכקייט, האָט מיט זיך געבראַכט אַ נייעם געזעץ: דאָס געזעץ פון הייליקייט... און דאָס איז געניאַליטעט...

שרייבער: ווייזט אויס, אַז די גרויסע פּערזענלאַכקייט ווערט היינט אַ זעלטנקייט, אָדער גאָר אַן אוממעגלאַכקייט. אפשר ניטאָ וואָס צו באַדויערן. דאָס באַווייזט אַ העכערע אַנטוויקלונג פון דעם דורכשניט...

קריטיקער: ניין, דאָס באַווייזט גיכער דע־גענעראַציע, מאַסלאָזיקייט, און הפקרות... דאָס איז דער אָנהויב פון דעם וואולגאַרן דעמאָקראַטיזם אין דער לי־טעראַטור. דאָס באַווייזט גייסטיקע פוילקייט און גע־דאַנקען שוואַכקייט. דאָס דערפירט דעם מענטשלאַכן גייסט צו מיטלמעסיקייט, אַלע זיינען גלייך — און גלייך אומבאַדייטנדיק... דער נייער דור שרייבער האָט באַוויזן אַז מען קען אין אידיש שיין שרייבן. זיי האָבן אויסגעאַרבעט אַ רייכערע שפּראַך, געשאַפן אַ פיינעם

סטיל. אָבער אידן זיינען אַ צו ערנסט פאָלק, זיי זאָלן באַגייסטערט ווערן פון בלויז שיין־שרייבעריי. עס איז נויטיק, אַז אונטער דער שיינער שרייבונג זאָל שטיין אַ פערזענלאַכקייט, מיט אַ גרויסן ווילן און אַ גרויסער ליבע... שרייבן אַליין איז ביי אידן נאָך ניט קיין מדרגה. דאָס אידישע פאָלק ווערט ניט אימפּאָנירט פון קיין בוך. מיר האָבן דאָס גרעסטע בוך אין זיך... אונז גייט ניט שטאַרק אָן קיין קונסט שפּילעריי, וואָס אידן באַגייסטערט, איז אַ גרויסע געשטאַלט. אַ נביא, אַ געזעצגעבער, אַ דערלייזער! דעריבער זיינען אונזערע היסטאָרישע געשטאַלטן געוואָרן ביים פאָלק פאַרהיי־ליקט... זיי זיינען ניט געווען קיין קונסט שאַפער, נאָר פאָלק־איבערשאַפער! פ אָ ל ק ־ א י ב ע ר ב ו י ע ר! באַ אידן האָט זיך די קונסט גאַנץ אַנדערש אַנטוויקלט ווי ביי גוים. באַ אַנדערע פעלקער איז געוואַקסן די קונסט, אַ דאַנק די צוויי פאַרשיידענע קלאַסן: אַרבע־טער־שקלאַפן און ליידיקגייער. די שקלאַפן האָבן אויפ־געהאַלטן די ליידיקגייער און דערמיט זיי געגעבן אַ מעג־לאַכקייט צו שאַפן שפּילערייען. דאָס איז ביז אַ גע־וויסן גראַד היינט אויך אַזוי. אָבער ביי אידן איז די ק ו נ ס ט א נ ט ש ט א נ ע ן פ ו ן ד ע ם ג א נ צ ן פ אָ ל ק ס ל ע ב ן. די אידישע קונסט האָט זיך אַנטוויקלט צוזאַמען מיטן אידישן גלויבן. נאָר אַנשטאַט דאָס צו רופן ק ו נ ס ט, האָבן אונזערע פאָ־טערס דאָס גערופן ר ע ל י ג י ע — תורה... אונזערע קינסטלער האָבן זיך ניט געשפּילט, ניט געוואָלט אַנדערע פאַרשפּילן, זיי האָבן געוואָלט פירן, פירן צו די אמת'ע ווערטן פון לעבן... באַ די גוים ווייסט היינט דער אַרבעטער, אַז זיין באַרוף אויף דער וועלט איז צו אַר־בעטן, אין דער פרייער צייט דאַרף ער זיך אַמוזירן מיט די שפּילערייען וואָס די קינסטלער האָבן געשאַפן. גאַנץ אַנדערש איז אַפילו היינט ביי אידן. די אידן וואָס אַר־

בעטן, האלטן ניט אז דאס איז זייער באַרוף אויף דער וועלט. אויב א איד איז אַן אַרבעטער, איז דאס דורך א טעות פון דעם מזל, א צופאַל. אין דער אמתן האט ער באַדאַרפט זיין א דאָקטער, א זשורנאַליסט, אַן אַדוואָקאַט, א פּאָעט — א קינסטלער. דאס גאַנצע אידי־שע פאָלק שטרעבט צו זיין א פאָלק פון קינסטלער.

שרייבער: דענקט איר ניט, אַז דאס איז א פּראָדוקט פון אונזער אומנאָרמאַלן גלות לעבן?

קריטיקער: ניין. דאס קומט פון א טיפערן קוואַל: פון דעם אייביקן דראַנג פון דעם אידישן גייסט צו איבערבויען די וועלט —

שרייבער: דענקט איר, אַז ס'איז מעגלאַך א אידישע קונסט? מען זאָגט דאָך, אַז קונסט איז איג־גאַנצן א ווידערשפּרוך צום אידישן גייסט?

קריטיקער: קונסט, וואס איז בלויז א שפּיל אָן א ציל, איז גויאיש, עכטע קונסט מיט אַן אייביקן ציל איז אידיש. דאס אידישע שאַפן מאַכט דורך פאַר־שיידענע גלגולים... די מאָדערנע אידישע קונסט וועט ווערן אונזער נייע רעליגיע ... איך וואָלט געוואָלט אַז אונזער מאָדערנע קונסט זאָל ווערן גראַנדיעז! זי זאָל פאַר'כישופ'ן די וועלט. די אידישע קונסט דאַרף ווערן אַזוי פרוכטבאַר, זי זאָל געבן געבורט צו א נייער תורה.. די אַלטע רעליגיעס שטאַרבן אָפּ — ווילן מיר די פעלקער דאַרפן געבן א נייעם גלויבן, נייע געבאָטן. מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָבן מיר געזאָגט צו די פעלקער: איר זאָלט ניט הרג'ענען! האָבן זיי געענטפערט: מיר גלויבן. און ווייטער גע'הרג'עט — היינט דאַרפן מיר זיי געבן א נייעם געבאָט: איר זאָלט האַנדלען אַזוי ווי איר גלויבט! ווייל ביז איצט האט איר אויסגענוצט אונזער תורה צו פאַרשטאַרקן אייער שווערד...

שרייבער: איך גלויב אויך, אַז דאס אידישע

פאָלק קען געבן דער וועלט נאָר אַ מוסטער פון אַ נײַ לעבן... אַ נײַע קרעאַטיווע אַקטיוויטעט.

קריטיקער: אידן זײַנען די געלייטערטסטע מענטשן אויף דער ערד. געלייטערט פון טויזנטער יאָרן איבערמענטשלאַכע לײַדן. און פון די לײַדן וועט געבוירן ווערן די נבואה פון אַ נײַעם לעבן...

שרײַבער: פאַרגינט מיר מײַן אומפּיעטעט, ווען עס קומט צו נבואה, ווער איך זייער סקעפּטיש...

קריטיקער: דאָס באַווײַזט, אַז אײַך איז פרעמד דער כח פון אידישן שאַפן. ווײַל וואו דער אידישער גייסט זאָל זיך ניט ווענדן, מוז ער קומען צו נבואה אין נבואה ליגט די עסענץ פון דער אידישער קרעאַטיוויטעט.

דאַמע: אויב אונזער שאַפן באַשטייט אין נבואה — ווי ווײַט קענען מיר דערגיין? קענען מיר מיט נבואה דערלייזן די וועלט? מיר שיינט, אַז מיט די שענסטע נבואות בלײַבט דער מענטש עלנד און אומבאַהאָלפן...

קריטיקער: ניין, דער מענטש איז היינט מער ניט עלנד און אומבאַהאָלפן. פאַראַנען ריזן גייסטער, וואָס אַרבעטן טאָג איין און טאָג אויס צו העלפן די מענטשן. ניט אַלע לעבן באַגרעניצט, בלויז פאַר זיך. פאַראַן גייסטער וואָס לעבן אַ קאָסמיש לעבן, זיי רוען ניט ביז זיי שאַפן איבער דאָס לעבן פאַר אַנדערע מענטשן. טויזנטער אַרבעטן צו באַרײַכערן די וויסנשאַפט. פיל פאָרשן היינט די לאַבירינטן פון דער מענטשלאַכער נשמה... טויזנטער אַרבעטן היינט אויף נײַע ערפינדונגען. און טויזנטער אַרבעטן די ערפינדונגען זאָלן ניט געברויכט ווערן קעגן די מענטשן, נאָר פאַר די מענטשן. טויזנטער זײַנען פאַרנומען מיט שאַפן אַ רײַכע ליטעראַטור און קונסט. און מיט דער צייט וועט אויפשטיין אַ נײַע קונסט, וואָס וועט ווײַזן די מענטשן ווי אַזוי אַליין זיך צו פירן — — די נײַע קונסט וועט זײַן די קו־

מ ע נ ד י ק ע  ק ר י ט י ק.  קריטיק ניט בלויז איבער ליטעראַטור און קונסט. נאָר קריטיק איבער אַלין — איבערן גאַנצן לעבן.. אַ קריטיק וואָס וועט לייטערן די וועלט. די אידעאַלע קריטיק וועט זיין די קונסט פון אַלע קונסטן. דער קריטיקער וועט ניט בלויז אין זינען האָבן ביכער, נאָר אויך מענטשן. ניט אידייען, נאָר לעבן... ניט בלויז איינציקע קונסטווערק, נאָר דאָס גאַנצע שאַפן פון פעלקער... דער קומענדיקער קריטיקער וועט זיין אַן ערנסטער קינסטלער, ער וועט זיין אַ דיכטער איבער אַלע דיכטער... ער וועט איבערדיכטן דאָס לעבן לויט אַ קינסטלערישן פּלאַן... ער וועט פון דער גאַנצער קולטור באַשאַפן אַ סינטעטיש בילד. דער קו־מענדיקער קריטיקער וועט זיין דער נייער נביא...

ד י  ד אַ מ ע: אַנטשולדיקט, סווערט שפּעט, מיר דאַרפן זיך גרייטן צום אומפאַרמיידלאַכן שלאָף —

ש ר י י ב ע ר: ווילט איר מיך שוין פאַראייַנזאַמען?

ד י  ד אַ מ ע: איר וועט ניט זיין אַליין, איר וועט זיך אַמוזירן מיט אייערע געדאַנקען — —

ק ר י ט י ק ע ר: גיט נאָך וויין! לאָמיר טרינקען פאַר דער נייער קונסט, און פאַר דער נייער טרייסט, איידער מיר גייען שלאָפן...

ש ר י י ב ע ר: מיר איז אומעטיק אפילו מיט דער אַלטער קונסט —

ק ר י ט י ק ע ר: טרינק איך פאַר אַ גוטער נאַכט!

ד י  ד אַ מ ע: און איך פאַר גוטע חלומות...

(דער קריטיקער פאַרנייגט זיך און גייט אַוועק מיט דער דאַמע, דער שרייבער קוקט זיי נאָך, בלייבט אומקלאָר, ווי אין אַ חלום, און רעדט צו זיך אַליין).

ש ר י י ב ע ר: ווי מיסטעריעז זיינען די חלומות פון מיין פאַרבענקט האַרץ... ווי פאַטאַל זיינען די צופאַלן פון מיין פאַרגייענדיק לעבן... וואָס פאַר אַ נייע וואונ־דער גרייטן זיי נאָך צו פאַר מיר?...